# לֿמך השני

פון

בן-א. סאָכאטשעווסקי

תש"ז 1946 לאָנדאָן

געדרוקט אין דער „נאַראָד־פּרעס", קאַוועל סטריט, א.1



לאה סאכאטשעווסקי ע״ה

דאָס בוך איז געווידמעט לזכרון מיין פרוי

**לאה סאַכאַטשעווסקי ע״ה**

למך השני — איז איבערגעדרוקט געוואָרען אין בוך־פאָרעם מיט דער פריינדליכער דערלויבעניש פון „די צייט״, לאָנדאָן.

למך השני — איז אַרויסגעגעבען געוואָרען מיט דער מיטווירקונג פון אַ קאָמיטעט מיט ד״ר ישראל **פעלדמאַן**, פרעזידענט; **הערר**י **מייער**, פאָרזיצער; **משה עובד**, קאַסירער; און **מאָריס קאַטץ** און **אליהו פּאַלושאַק** ערן־סעקרעטאַרען.

דאָס בילד פון **לאה ע״ה** איז געמאָלען געוואָרען פון מיין **זון מאָריס**, וועלכער האָט אויך געצייכענט דעם שוישפּילער **יודל גאָלדבערג** אין זיין ראָלע אַלס „למך״.

# הקדמה

איר ווייסט דאָך, רבותי, אַז איך צייל די ווערטער,
און מייד אויס צו נוצען אַן איבעריגען אות,
דערפאַר וועל איך שרייבען אַ קורצע הקדמה
און ניט קיין מגילה ווי גלות די גרויס.

איך האָב דאָך אייך לאַנג שוין מסתמא באַלעסטיגט
מיט סצענקעס און טיפּען ביי אונז אויף דער גאַס,
און אייך אָפט געמאַכט פאַר מיין קיבעץ קרבנות
צו לעזען דעם שטות פון מיין וויטשעפּעל שפּאַס.

נאָר גלויבט מיר אַז איך בין אין דעם גאָר ניט שולדיג,
ווייל ריין ווי אַ קינד איז פון זינד מיינע הענד,
אַז אַלעם וואָס איך האָב פאַר אייך דאָ געשילדערט,
איז שטענדיג געווען נאָר אין אייך בלויז געווענדט.

ווען איר האָט געוויינט אויף דעם אונגליק האומה,
האָב איך אייערע טרערען געקליבען מיט וויי,
און אויך אין מאָמענטען ווען איר האָט געיובעלט,
האָב איך מיך מיט אַלע געפרייט זיך דערביי.

איך האָב אייך געזען אויף פּראָטעסטען, אויף שמחות,
און האָב מיט אייער אָטעם געאָטעמט, געלעבט,
געצערטעלט אייער גוטסקייט, די חכמה און „נאָנסעס",
און אַלע און אַלעם אין לידער פאַרוועבט.

איך בין פאַר אייך בלויז ווי אַ ברחן געשטאַנען,
אַ שטראָם־גראַמען דיכטער אָהן איינפלוס און מאַכט,
און ווען איך האָב ערענסט פאַר אייך וועגן גע'דרשנ'ט
האָט איר בלויז פון מיינע דרשות געלאַכט.

ווייל וואָס ווייס אַ איד דאָרט ווי למך השני,
וואָס אידישקייט הייסט און וואָס אידישקייט מיינט,
אַזוי האָט איר זיך דאָך פאַרקלערט אין אייער גדלות,
און אפשר בסוד מיך באַטראַכט פאַר אַ פיינד.

איך ווייס אויך אַז פּילמאָל האָט איר גאָר פאַרגעסען
צו ענטפערען מיר ווען איך האָב אייך געגריסט,
און איר האָט געגלויבט נאָר גאָט האָט מיך באַשאַפען
כדי אייך צו דינען כסדר אומזיסט.

ווייל ווי קומט דען שכירות אַ קבצן אַ שרייבער,
נישקשה, ער קען זיך אָהן דעם אויך באַגיין,
אַז ווייטשעפּעל קהל קען אויך לעבען, געדייען,
אפילו ווען ס'וואָלט גאָר קיין למך ניט זיין.

נאָר גאָרניט, אַן עסק, ווער האָט צו אייך טענות,
מסתמא איז עולם רבותי גערעכט,
טאָ לאָזט מיר פאַרבויגען מיין קאָפּ אין הכנעה,
ווי פ'פּאַסט פאר אַ ערליך געהאָרכזאַמען קנעכט.

אַבי כ'האָב מיין אַרבייט פאַר אייך שוין פאַרענדיגט,
און האָב אונזער צייט אַ מצבה געשטעלט,
אַז זי זאָל פאַרבלייבען אַ סימן פאַר דורות,
אַז ס'איז אַ ווייטשעפּעל געווען אויף דער וועלט.

הקיצור, רבותי, דאָס איז מיין הקדמה,
אָהן חכמית, אָהן דריידלאַך, אָהן איבריגען אות,
און איצט זייט מיר מוחל און קוקט אָן אייער פּנים,
וואָס ס'שמייכעלט פון בוך ווי פון שפּיגלען אַרויס.

איך וויל נאָך בלויז זאָגען אַז איך האָב פאַרצייכענט
דעם אמת ווי איך האָב געזען אים דאָ הי,
דערפאַר זייט ניט ברוגז ווען איך וועל אייך ווינשען
אַ זייט מיר געזונד פון אייער למך השני.



דער שוישפּילער יודל גאָלדבערג

אין דער ראָלע אַלס „למך" אין דער „למך משפּחה"

# ווייטשעפּעל

הקיצור, רבותי, אָט בין איך דאָ ווידער,
כאָטש קיינער פון אייך האָט אויף מיר ניט געוואַרט,
נאָר איך בלויז אַ מענשעל פאַרבענקט נאָך געפילדער,
האָב מער ניט געוואָלט זיין אין עק־וועלט פאַרשפּאַרט.

דערפאַר האָב איך טאַקע גענומען מיין פּעקעל,
דעם טלית און תפילין, אָהן פּחד און שרעק,
און ציפּע'ן מיין ווייבעל געשטאַרקט און געמוטיגט,
צו לאָזען זיך צריק קיין ווייטשעפּעל אוועק.

נישקשה, געגוג אָבגעפינסטערט אין דערפער
אַלס לאָנדאָן צובאָמבטע און „רעפּיודזשי" געסט,
ווען דאָרט אין ווייטשעפּעל קוקט אויס אפשר עולם
צו נעמען אויף־ס'ניי מיך, דיין למך, אויף קעסט.

אַז שניידערס פאַרדינען און לעבען אין לוקסוס,
היינט, ריכטער, זיי באָדען זיך ממש אין גליק,
און אידישע קולטור און קונסט האָט צובליט זיך
אַזוי ווי מיט דורות שוין לאַנגע צוריק.

טאָ וואָס וועט אונז פעלען אין לאַנד פון עשירות,
אויף תנאים, אויף חתונות, ברית'ן אָהן שיעור,
אַז יעדער וועט זאָגען, זייט מוחל ר' למך,
און ברענגט אויך אייער ווייב אויף דער שמחה צו מיר.

און מיר וועלען עסען און טרינקען און לאַכען,
אַזוי ווי כלי־קודש פאַראיידעלט און קליג,
און אָפּטמאָל אויך ברענגען אַ חידוש, אַ פּשט'ל,
אַ חכמה וואָס פּאַסט בלויז אַ קינד אין דער וויג.

און איצט נאָך, ווער שמועסט, דער פֿאַראיין פֿון די שרייבער,
זיי וועלען ניט וויסען וואָס פֿריער צו טון,
צי מאַכען באַנקעטען, קאָנצערטען, נאָכמיטאָגס,
אַזוי ווי עס שטייט בלויז דעם גדול מיר אָן.

איך האָב אויך אין זינען די עונג שבתים,
און הייזער און היימען פֿאַר יעדער פּאַרטיי,
מיט טירען צועפֿענט און גרויסע מודעות,
וואָס רופֿען צום לעבען. וואָס קאָכט דאָרט אין זיי.

און אפֿשר גאָר מאַך איך אַ טעות ווי שטענדיג,
ווייל אַלץ איז קאַפּויר ווי איך מאָל מיר דאָס אויס,
און אַנשטאָט דעבאַטען צוהיצטע פֿאַר מצוות,
טאַנצט פּשוט דער ווינט דאָרט אַריין און אַרויס.

נאָר וואָס איז מיין דאגה, אַבי איך בין גליקליך,
איז ניט קיין פֿאַראַד ביי מיין אָנקום פֿון ווייט,
צי גאָר אַ נאָטיצל, אַ שלום־עליכם,
פֿאַר מיר און מיין ציפּע. געדרוקט אין די „צייט“.

נאָר גאָרניט, איך בין דאָך געוואוינט שוין צו כבוד,
איז ניט אַנערקענט אויף דער אידישער גאַס.
דערפֿאַר איז מיין נאָמען באַרימט אין די פֿעלקער,
וואָס לעבען ווי חיות פֿון בלוט און פֿון האַס.

נאָר דאָ האָט מיין ציפּע באַטראַכט מיך מיט חוזק,
און האָט אויף דעם קול זיך מיט טרערען צולאַכט,
ניט אַנדערש, איר למך, דער העלד פֿון אמונה,
האַלט איך ביים פֿאַרשפּילען פֿאַר קיבעץ די שלאַכט.

געזעגנט ביזט, ציפּע, האָב איך מיך פֿאַרענטפֿערט,
איך האָב מיך פֿאַרגעסען אַ רגע'לע בלויז.
נאָר אָט איז שוין אָלדגייט, נו, אייל דיך, מיין ווייבעל,
די באַס בלייבט באַלד שטיין, און דאָ שטייגען מיר אויס.

איך האָב דאָן גענומען מיין ציפּע׳ן געאָרעמט,
כאָטש, אמת, עס איז איר דאָס פּריקרע געווען,
ווייל בלויז אין דער יוגענד האָט זי אַזאַ צאַרטקייט
פון מיר אין אַ יובל אמאָל דאָס געזען.

נאָר גיי און דערצייל איר מיין פרייד און מיין שמחה,
וואָס איך האָב דערפילט ביי דעם ראָג פון די ליין,
אַז טויזענדער ריחות פון בשמים געמישטע
האָבען מיך ממש פאַר׳שיכורט ווי וויין.

ווייל דאָ הויבט זיך אָן דאָך דאָס גאָלדענע קעפּעל
פון ווייטשעפּעל׳ס ווארים, פולסירענדען גוף,
מיט קולות פון מסחר, פון קונסט און טעאַטער,
און אָפטמאָל פאַר צדקה און רחמים אַ רוף.

נו, האָבען מירביידע שפּאַצירט ווי מיט גאוה,
באַטראַכט אונזער שטעטעל באַקאַנט שוין פון לאַנג,
כאָטש נעם זיי אַרום אָט די געסלעך צובאָמבטע
מיט ליבע צופלאַמטע און שבחים געזאַנג.

אַז זיי זיינען פּונקט ווי גבורים פאַרבליבען
נאָך שלאַכטען די שווערסטע פון שונא׳ס באַגער,
די ציין אויסגעהאַקטע, די האָר אויסגעפליקטע,
דאָך זעט מען אין אויג פון דעם העלד ניט קיין טרער.

ווייל ווידער וועט בליען דיין פנים, ווייטשעפּעל,
מיט בעקלעך צורויטעלט פון יוגענד און קראַפט,
און וואו נאָר אַ פּליט, אַ מענש פון מרחקים,
וועט שפּייזען דיין ברוסט אים מיט מילך און מיט זאַפט.

נאָר איצט זיצט דער צער נאָך ביי דיר אויפ׳ן בוזים,
כאָטש פול איז דיין בליק אַליץ מיט רייץ און מיט חן,
טאָ עפען דיין אָרעם דעם שוואַכען און מידען
און היל ווי אַ מאָל מיך דיין למך איצט איין.

גערענקסט דאָך ווי פריילעך אַמאָל איז געוועזען
ביי דיר אין די געסלעך, ביי אָרים און רייך,
אין שוהלען, אין חברות, פאַראיינען, פּאַרטייען,
אַז דו האָסט אין ערגעץ געהאַט קיין פאַרגלייך.

כאַ, זעה נאָר ווי ערנסט ער איז דאָס געוואָרען,
רופט אוים אונגעדולדיג מיין ציפּע צו מיר,
נישקשה, ווייטשעפּעל איז פול נאָך מיט לעבען,
און ווארט ניט אויף קדיש נאָר קיבעץ פון דיר.

פאַרשטייט, האָב איך איר באַלד געענטפערט גאַנץ פשוט,
דאָס איז נאָר מיין שטיינער-אַריינפּיר בלויז דאָך, ,
ווייל פירער, גבאים און כל־ערליי טוער,
זיי לאָז איך ערשט איבער פאַר קומענדער וואָך.

דערווייל בין איך גליקליך וואָס כ'זעה דיך, ווייטשעפּעל,
איך האָב דאָך צו דיר אַזוי לאַנג שוין געגאַרט, ,
כאָטש קיינער פון דיר האָט צו מיר ניט געשריבען
און ווייניגער נאָך אויף מיין קומען געוואַרט.

7-1-1945.

---

## ביי מיר אין הויז

און איצט, אַז איך האָב מיין הקדמה פאַרענדיגט,
מיט „האַו דו יו דו" זיך געמיינזאַם באַגריסט,
האָט פּלוצלינג די קעלט מיך צוקושט און צוקיצעלט,
אַזוי, אַז איך האָב מיך פאַר נחת צוניסט.

איך וואָלט נאָך אַ בעלן געווען אייך צו בעטען
צו קומען מיט מיר און באַטראַכטען מיין היים,
וואָס שטייט ווי אַ פעסטונג נאָך שטאָלץ און פאַר'גאוה'ט
מיט ציגעל צוברעקעלט און שטויביגען ליים.

ווייל גרויס זיינען זיי מיינע שטיבען ווי בערען,
און מעבעל און לוקסוס איז אויך דאָרט פאַראַן,
אַ שאָד נאָר די טיר איז גאָר נאָנט צו די פענסטער,
און צווישען זיי ביידען נאָר איינינע שפּאַן.

נאָר וואָס שטיי איך דאָ און דערצייל אייך פון נסים,
אַז ציפּעלע רייסט ביי דער פּאָלע מיך שוין,
ווי איינער וואָס זאָגט: אַבדיקיר פון ווייטשעפּעל,
און לייג צו די פיס פון אַ רעגענט דיין קרוין.

אָן איינפאַל אַ ביסעל פון נאַרישע ווייבער,
אַז שיכור בין איך פון מיין למך'דיג גליק,
נו, קום שוין, זאָג איך איר, אַבי קיין מחלוקת,
ווייל בעסער איז שלום פון יעדערן קריג.

הקיצור, געקומען צוריק צו מיין הייזעל,
האָב איך מער די גאַס אויף אַ האָר ניט דערקענט,
אַ שטילקייט אַזוי ווי אויף ריינהאַם בית עולם,
נאָר אַנשטאָט מצבות — פאַר'יתום'טע ווענט.

געדענקסט ווי אַמאָל האָט געקאָכט דאָ מיט לעבען? —
האָב איך צו מיין זיווג מיט בענקשאַפט געזאָגט —
געשרייען פון קינדער און העלער געלעכטער,
ווי כוואַליעס צושטיפּט און פון ווינטלעך צויאָגט.

נאָר איצט איז דאָס אַלעס אַוועק און פאַרשוואונדען,
ניטאָ מער די פרייד פון די ליכטיגע טעג;
עס זיינען בלויז חורבות אין אָנדענק פאַרבליבען,
ווי ליגעס פאַר שלום פאַרבלאָנזשעט פון וועג.

איצט בלאָזט בלויז אַ קעלט אַזאַ פראָסטיג און פייכטע,
אַזוי ווי דאָס איז אונז שוין אַלע באַשערט,
און הימעל איז דראָענד מיט בייזע סכנות,
און וויסט און פאַרבלוטיגט די אָרימע ערד.

נאָר וואָס טויג צו רעדען פון שכל און תכלית,
עשרת הדברות, דער תוך פון דער וועלט,
אַז אַלעם איז הבל־הבלים־קאָנוואולסיעס,
ווערט אָפּטמאָל די חיה אין מענטשען פאַרשטעלט.

נאָר זעה נאָר ווי כ'האָב מיך צו'דרש'נט גאָר פּלוצלינג,
אַזוי ווי אַ מגיד אין דער מחזיקי־הדת,
און שיעור, שיעור פאַרגעסען צו ציילען די הייזער,
וואָס זיינען נאָך גאַנץ אַלץ ביי אונז אויף דער גאַס.

נו, קום, קום, שלעפּט ציפּע מיך פעסט ביי דער פּאָלע,
און שלים אויף די טיר שוין פון פּאַלאַץ, דיין הויז,
אַז אים ליגט אין זינען בלויז צרות הרבים,
ווי ער וואָלט געווען ווי זאַרעצקי כאָטש גרויס.

צי גאָר אַזאַ גדול ווי למך דער ערשטער,
וואָס קומט אויך אין קאָנטאַקט מיט קייזער אַמאָל,
און חלום'ן פּלענער צו מאַכען אונשטערבלעך
דעם עולם דעם היגען אויף באַרג און אין טאָל.

הכלל און הקיצור, מיר זיצען מיט מזל
שוין ווידער ביי זיך ווי די פריצים צושפּרייט,
און וואַרטען אויף געסט אונז צו קומען באַזוכען
פון אַלע מקומות, פון נאָנט און פון ווייט.

מיין ציפּע, זאָל לעבען, איז שטאַרק גאָר צורויטעלט
ביים קאָכען די בולבעס פאַר אונזער באַנקעט,
איך העלף איר און וואַרף איר נאָך צו אויך אַ שמייכעל,
און גיב איר אַמאָל פון קאַטאָוועס אַ גלעט.

עס טיק־טאַק'ט דער זייגער און יאָגט די מינוטען,
אַזוי ווי עס וואָלט אים קיין זאַך ניט געאַרט,
כאָטש שפּעט איז די צייט שוין און קיינער באַווייזט זיך,
און איך זיץ אין ספקות נאָך אַלץ און איך וואַרט.

אַ שאָד נאָר, טראַכט איך מיר, וואָס ווייצמאַן, בראָדעצקי,
זיינען גראָד איצט פון בריטאַניען פאַררייזט,
אַז ניט וואָלטען זיי דאָך געווען פון די ערשטע
צו דריקען מיין האַנד און אויך שטאַרקען מיין גייסט.

נאָר גיי, אַז דאָס מזל איז אָפּט ווי אַ בעבער
פאַר׳יתום׳ט און עלענד אין זילבער־געשיר,
אָהן טראָפּען יין־שרף פאַר ליפּען פאַר׳חלש׳ט
וואָס לעכצען פאַר׳שיכור׳ט און בענקען נאָך איר.

אָט פּונקט ווי עס בענקען פון שוהלען די טוער
און זאָרגען סכנות פאַר וואַהלען אויף ס׳ניי,
כדי פּערעריישאַן זאָל קענען באַגראָבען
מיט כבוד און יושר די מתים פון זיי.

שרייט אָבער דער אַנדערער צד אויך דאָס זעלבע,
טאָ גיי, זיי אַ חכם, געפין דאָ אַ טאָלק,
אַז אויך די יהודים אַליין זיך דערווויילטע
רעדען מכלומרשט אין נאָמען פון פאָלק.

אַז אַלץ איז הפקרות ביי אונז אויף ווייטשעפּעל,
און יעדער קען רייטען אויף איר ווי אַ בער,
כאָטש ערגעץ שוין הערען זיך גרויסע פּראָטעסטען:
יהודים, געווג, ווייל עד כאן און ניט מער!

אַ שאָד אויך וואָס כ׳האָב מיך מיט קאַטץ׳ן צו׳ברוגז׳ט
און ער קומט שוין מער אין מיין הויז ניט אריין,
ווייל כ׳האָב אים מיט יאָרען צוריק נאָך געקיבעצט
אַז ער וויל פאַררייזען מיר תּמיד די ציין.

און וואָלט כאָטש געקומען פון „צייט" דער רעדאַקטאָר,
וואָלט ער דאָך מיין יום־טוב באַלעבט און באַשיינט,
איז אָבער די צרה אסיפות און מיטינגס,
וואו ער דאַרף נאָך רעדען אויף צענדליגער היינט.

ש. ווהייט ווידער איז שוין אַ יחסן אַ גרויסער,
אים שטייט שוין זיין חבר דער אַלטער ניט אָן,
ווייל ווי קענען לידער, נשמה געזאַנגען,
מיט למך'ע שטותים גאָר האָבען צו טון?

י. ריכטיגער שרייבט מיר ער וואָלט שוין געקומען,
ווען ניט זיין הקירה אין ספרים אַ סך,
דאָס זוכען אַ וועג ווי צו שטאַרקען יהדות,
דורך פרעמדע לשונות אין אידישער שפּראַך.

נאָר דאַכט זיך אָהן זיי וועט ניט פעלען קיין מענשען,
וואָס וועלען מסתמא באַלד קומען צו מיר,
כאָטש שפּעט איז די שעה שוין, קיין סימן, קיין רמז,
און שטום ווי אַ גולם שטייט רוהיג די טיר.

מיר ווערט שוין אַ ביסעל גאָר סתם קאַלעמוטנע —
אַ קשיה אַ האַרבע פרעסט שווער אויף מיין מוח,
ווייל וואָס וועט דען זיין פון די בולבעס דער גורל
און הערינג געהאַקט און געזאַלצענע אויך?

נאָר שאַ, אָט, אָט, הערט זיך אַ קלאַפּ שוין פון אונטען —
דאָס קומען דאָך טאַקע די געסט מיט אַמאָל!
און איך לויף אַראָב ווי משוגע פון שמחה
צו דאַנקען און גריסען מיין ווייטשעפּעל קהל.

נאָר אונטען איז בלויז דאָרט מיין חבר געשטאַנען,
צוזאַם מיט זיין ווייבעל, ר' בעלקין אַליין,
אַ איד גאָר אַ וואוילער און פּרץ'ס אַ חסיד,
נאָר נעבעך אַ ליטוואַק אין גאַנצען געביין.

הקיצור, מיר האָבען געגעסען קאַרטאָפליעס,
געלעזען, געהערט און געשמועסט און געלאַכט,
ביז וואַנען אין גאַס האָט זיך עפּעס צוציטערט,
און פּונקט ווי אַ דונער אין ווילדקייט צוקראַכט.

אַ גליק נאָר עס זיינען די שויבען פון טאָוולען,
די ווענט פון דעם הייזעל געבויט פון „טריפּליי“,
אַז ניט וואָלט פון ציפּע׳ן, די בעלקינס און למך
איצט לאַנג שוין געווען אַ מין „טשאַרלי גודביי“.

דערפאַר זייט מיר מוחל, וואָס כ׳האָב ניט פאַרענדיגט
מיין היינטיגען ווינקעל אַזוי ווי ס׳געהער,
און קומענדע וואָך, אויב ס׳וועט זיין נאָר זיין רצון,
וועל איך אייך שוין נודיען אַ ביסעלע מער.

14-1-1945

---

# צוריק אין די „צייט“

הכלל, אָבגערוט זיך אין עושר און כבוד,
געלעבט ווי אַ פּריץ פון קהל׳שע טעג,
בין איך אויף דאָס ניי, ווי אַ לעמעשקע נעבעך,
מיט ברכות פון ציפּע׳ן צו פּראַצע אַוועק.

נו, גיי איך אַזוי מיר דורך ווייטשעפּעל׳ס גאַסען
און טראַכט מיר מחשבות גאָר ביטערע שווער,
ווייל ס׳קען דאָך געמאָלט זיין, אַז יעדער וועט זאָגען,
אַז איך בין צו אַלט און מען דאַרף מיך ניט מער.

איז טאַקע ניט פריילעך נאָר פשוט פּאַסקודנע,
און כ׳פיל מיך ווי פרעמד אין מיין אייגענעם לאַנד,
איך קוק אַלץ אויף פענסטער און זוך דאָרט אַן אויפשריפט
צי ברויכט מען אַמאָל ניט דאָ, דאָרטען, אַ האַנד.

נאָר דאָ האָב איך פּלוצלינג דערמאָנט זיך מיט שמחה,
אַז כ׳בין דאָך אַ שרייבער אַמאָל אויך געווען,
געלאָפען צו מיטינגס, געשריבען באַריכטען
פון אַלעם וואָס איך האָט געהערט און געזען.

און אפשר פעלט איצט דאָרט אַ מענש אַ באַגאַבטער,
אַ גרויסער טאַלאַנט צו באַשיינען די „צייט",
און ווי נאָר כ'וועל קומען וועט יעדער זיך פרייען,
וואָס איך האָב מיך ענדליך באַוויזען פון ווייט?

יאָ, ס'איז דאָך מעגלעך, האָב איך מיך צו'חלום'ט,
אַז אויך העררי מייער וועט שמייכלען צו מיר,
און אָפען און פריי וועט דאָרט אַלץ פאַר מיר ווערען,
מיט ברוך-הבא'ס נאָך אויף יעדערער טיר.

האָב איך מיך פאַרנומען דירעקט קיין וויטשעפּעל
מיט פרייד און געזאַנג אין מיין האַרצען צושפּילט,
און פּונקט ווי אַ אינגעל און ניט ווי אַ זיידע
האָב איך ווי דורך כישוף מיך פּלוצלינג דערפילט.

אַ קלייניגקייט, מיינט איר, צו ווערען מפורסם,
און בלויז דורך דער פען אויך אונשטערבליך צו זיין,
כאָטש ציפּע לאַכט אויס זיך פון הימלישען כבוד,
און מיינט, אַז דער עיקר איז רייכטום אַליין.

נאָר גיי און דערצייל איר, אַז זי איז ניט איינע,
וואָס האַלט עולם-הזה אַלס הויפּט־זאַך און תוך,
אַז פילע כלי־קודש אין מלכות בריטאַניען
צאַצקען זיך אויך בלויז מיט טעג פון דער וואָך.

נאָר וואָס ווייסען ווייבער פון שכר אין גן־עדן,
אַבי נאָר באַזאָרג זיי פּרנסה אַ סך,
אַ קליידעל, אַ שיך מיט אַ שילינג פאַר פּיקטשורס —
אָט דאָס איז זייער טענה און שטענדיגע שפּראַך.

דערפאַר איז רב שפּעטמאַן דאָך סטאַלינ'ס אַ חסיד,
ער חבר'ט זיך בלויז מיט אַ שוסטער, אַ שמיד,
און שרייט, אַז די הייליגע אונטערוועלט געגנסטער
ליגט קנאַפּ גאָר אין זינען דער אמת'ער איד.

דאָס זענען צוברעקעלטע, שטיקלעך געדאַנקען,
וואָס לויפען מיר נאָך אויפ'ן וועג צו די „צייט“,
וואו ס'וואַרטען מסתמא שוין אַלע קאָלעגען
צו זאָגען מיר שלום מיט אָרעמס צושפּרייט.

צי וועט מיך י. וואולף אין מיין זקנה דערקענען,
אַז איך בין זיין למך, זיין חבר און פריינד,
אַז ער פלעגט מיר געבען אָפּט „סאַבס“ און פאַרגעסען,
און אפשר זיי מאָנען צוריק פון מיר היינט?

און ווי וועט אויך זיין, אַז דער אדון רעדאַקטאָר
וועט פרעגען: ר' איד, וואָס פאַרלאַנגט איר דען דאָ?
איר זעט דאָך מיר זענען סכנות באַשעפטיגט,
און איר קומט אונז נודיען און שטערען דערצו.

וואָס רעדט איר, ר' הערצי, איר קענט מיך ניט טאַקע? —
וועל איך אים אַ פרעג טון ווי ניט מיט מיין קול —
אַזוי גיך פאַרגעסען דעם אמת'ן למך,
וואָס האָט דאָ מיט אייך אויך געאַרבייט אמאָל?

און וואָס וועט דאַן ווערען פון מיינע חלומות,
וועט בלייבען אַ גאָרניט, אַ בוידעם נאָר בלויז,
און אַלע חזיונות מפורסם צו ווערען,
זיי וועלען צופאַלען ווי פון קאָרטען אַ הויז?

פע, ס'איז ניט שען, האָב איך בייז מיך צו'מוסר'ט,
און הינקענדיג גיכער געלאָזט זיך אין גאַנג,
ווייל אַלץ קען דאָך זיין פונקט דער היפוך פון אַלעם
ווי ס'מאָלט מיר אין מוח איצט מיין ווילדער געדאַנק.

נאָר אָט איז די „צייט“ שוין, די טיר פון דעם אָפּיס,
גוט־מאָרגען, גוט־יאָר, פאַל איך האַסטיג אריין,
אָט בין איך געקומען צוריק צו דער אַרבייט,
און ווידער מיט אייך דאָ צוזאַמען צו זיין.

ווייל ס׳ליגט דאָך דאָס שרייבען אין בלוט מיר זינט דורות,
און איר קענט דאָך לאַנג שוין מיין גרויסען טאַלאַנט
צו מאַכען באַריכטען פון רעדנער וואָס רעדען
מיט חכמות, וואָס קלעבען ווי אַרבעס צום וואַנט.

דערזען מיך, איז טאַקע געוואָרען אַ שמחה,
באָטש קיינער האָט רעבט ניט געקוקט אין מיין זייט,
ליב הערש איז געזעסען ביים שרייב־טיש פאַר׳מתמיד׳ט,
אַזוי ווי אַ שקלאַף צוגעשמידט צו אַ קייט.

און נאָנט נעבען אים דאָרט איז קאַטץ זיך געשטאַנען,
פאַרטיפט און פאַר׳דבקה׳ט מגיה געוועזן,
אַזוי ווי ער וואָלט איצט געשוועבט אין די הימלען,
און מיך ניט אפילו דערהערט און דערזען.

און נענטער צו אים ביי דעם שרייב־טיש דעם גרויסען
איז אַליץ סאָבאָטשעווסקי געזעסען נאָך שטיל,
אַזוי ווי געוואוינט שוין צום שטענדיגען שווייגען,
און נעמען פאַר ליב וואָס זיין גורל נאָר וויל.

ניט אַנדעריש, טראַכט איך, סאָבאָטשעווסקי איז „זשעלאָם“,
אַזוי ווי ס׳איז יעדערער מענש אָהן טאַלאַנט,
דערפאַר איז ער כעס׳יג וואָס יעדער באַגריסט מיך,
און אַנשטאַט אויף מיר קוקט ער בלויז אויף דער וואַנט.

און אָט איז אויך גאָלדשמידט, דער יונגסטער פון אַלע,
וואָס האָט מיך אינגאַנצען קיין האָר ניט דערקענט,
און פונקט ווי אויף לאַנטשענס און מיטינגס באַגריסט ער
מיט פראַכטפולען ענגליש אין ליטוויש אַקצענט.

און אָט איז דאָך טאַקע דער אדון רעדאַקטאָר,
וואָס פליט ווי אַ פויגעל אַרום אין דעם פּלאַץ,
און קנעלט מיט די שרייבער דאָס אידיישע לשון,
און ווי אויך צו בויען אַ זאַץ נאָך אַ זאַץ.

הקיצור, צו׳שלום׳ט, צופרייט זיך, צוקושט זיך
מיט גאָלדשטיין, מיט שמואל׳ן, גדליה און נאָך,
מיט אייבי בתוכם און אַלע כּלי צייטונג,
האָב איך שוין מיין פּאָסטען צוריק אויף דער וואָך.

נו, זיץ איך אַזוי מיר אויפ׳ס־ניי ביי דער אַרבייט,
צוריק אין די „צייט" ווי אַמאָל שוין פון לאַנג,
אין וועלטען פון נייעס, מלחמות, צושטערונג,
אַזוי ווי עס איז שוין פון פראָגרעס דער גאַנג.

נאָר איבער זיי אַלעם דער יחסן פאַר ליידען,
מיין פאָלק דאָס געפּרובטע, צו צרות געוואוינט,
פון חיות געפּייניגט, געגאַזט און געקוילעט,
אָהן ריקזיכט, אָהן רחמים, און קיינער געשוינט.

נאָר שאַרפער ווי פעדער צוקריצט זיך דער ווייטאָג,
די טיפע יסורים, ענטוישונג און פּיין,
ווי עקעלדיג מענש איז אין שפלות געזונקען,
אַז ס׳איז אים שוין שווער זיך דערקענען אַליין.

אָפט רייסט זיך אַ קללה צום פאָלק פון די דייטשען,
וואָס האָט אונזער ערד אַ בית עולם געמאַכט
אין בלוט זיך צו טובל׳ען מיט בייזער הנאה,
און ברומען געשרייען פון קאַמף און פון שלאַכט.

איך שרייב זיי די נייעס, אַרטיקלען, באַריכטען
פון לענדער באַפרייטע שוין איצט פון זיין פויסט,
וואו ס׳זיינען בלויז קברים פון שונא פאַרבליבען,
וואָס האָט זיך ערשט נעכטען באַרימט און געגרויסט.

און פּונקט ווי אין רוסלאַנד וועט וואַקסען זיין קבר
אין יעדערן שטעדטעל, אויף דאָרף און אויף פעלד,
און אייביג וועט בלייבען שוין דייטשלאַנד געסטעמפּעלט
אַלס חיה די מיאוס׳טע ביי אונז אויף דער וועלט.

וואָס איז מיט אייך, למך, רופט אויס דער רעדאַקטאָר,
ווי קומט עס צו אייך אַזוי ערנסט צו זיין,
צי האָט איר פאַרגעסען אַז מיר שטייען תמיד
ביים קבר פון רשע די עדות אליין.

איר ווייסט דאָך, אַז עולם ווייטשעפּעל וויל הערען
אַ וואָרט פון בטחון, פון טרייסט און פון פרייד,
פון ליכטיגע טעג און פון בשורות נאָך העלע,
אַז אַנדערש און שענער וועט זיין נאָך די צייט.

גערעכט, האָב איך פּשוט געענטפערט מיט בושה,
זייט מוחל, וואָס כ׳בין פון מיין דרך אַראָפּ,
און אַנשטאָט צו קוקען מיט גלויבען צום בורא,
האָב איך גאָר פאַרבויגען צו ספקות מיין קאָפּ.

אָט וועל איך מיך נעמען צו פריילוכע טענער,
צו שבת נאָכמיטאָגס און זונטאָג קולטור,
און אייך אויך באַריכטען פון מיטינגען, שוהלען,
וואָס ווילען כאָטש ברענגען די גאולה אויף וואָהר.

נאָר דאָס איז אַן ענין פאַר איבער-אַכט-טאָג ערשט,
ווען פריי וועט שוין ווערען „מיין ווינקעל“ פאַר אייך,
און דאַמאָלט, רבותי, געבענשט זאָלט איר ווערען,
וועט קיינער ניט זיין מער צו למך׳ן גלייך.

21-1-1945

---

## מיין ענטוישונג

הקיצור, אָט בין איך צוריק אין ווייטשעפּעל,
אַ מענשעל אָהן דאגות, נאָר גליקליך און פריי,
כאָטש קאַלט איז דאָס וועטער, דער הימעל פאַרטונקעלט,
און גליטשיג סכנות פאַרפרוירען דער שניי,
נאָר איך פיל מיך איצטער ווי ניי גאָר געבוירען
און זע שוין אין ווינטער סמנים פון מאַי.

נו, חלום איך טאַקע און גיי מיר געלאַסן,
פּאַרוויקעל נאָך פעסטער מיין האַלז מיט דעם שאַל,
און קוק אויף די כמאַרעס, די בלייענע וואָלקענס,
וואָס ציען און שליסען זיך אָן איבעראַל,
און זוך און ערוואַרט דאָ אַ קונץ פון מיין לאָנדאָן
צו שענקען אַ שמייכעל צו מיר מיט אַ שטראַל.

נאָר וואָס האָב איך פּלוצלינג צורעדט זיך פון וועטער,
אַזוי ווי עס וואָלט מיר שוין לשון פאַרפעלט,
אַז ליב האָב איך סיי ווי מיין אַלטע וויטשעפּעל
אין רעגען און פאָגעס, צי זוניג באַהעלט;
זי איז דאָך מיין אייגענם, מיין דלות, עשירות
און אַלץ וואָס איך האָב אין מיין אָרימער וועלט.

אין איר קען איך טומלען און לאָזען זיך הערען,
און שאַפען פאַראיינען פון קיינעם געשטערט,
צי קלאַפּען מיט פּושקעס פאַר צדקה גדולה,
און געבען הכשרים אויף וואַסער און ערד,
צי האַלטען הספּדים פאַר קונסט און פאַר קולטור,
וואָס ווערען נאָר בלויז פון זקנים געהערט.

און אויב דאָס איז ווייניג, מאַך איך מיר אַ קלייזעל,
אַ ראַט, פעדעראַציע, אַ שוהל, ווען איך וויל,
און בלויז דורך מטבעות ווער איך דאָרט דערהויבען
אַלס חכם, אַלס גדול, אַלס מענש מיט אַ ציל,
און גלוסט זיך מיר, האַלט איך אויך ראַדיאָ דרשות
מיט בשורות צו העלפען די ליידענדע פיל.

איר ווייסט דאָך, אַז געלט איז ווי שפּרוכען פון כישוף,
וואָס ווייזט אָפּטמאָל וואונדער אין משך פון טעג,
אַז היינט אונבאַקאַנט נאָך, און מאָרגען אַ פירער,
וואָס וואַרפט זיך מיט דעות און צייגט אָן דעם וועג,
אַז דאָ דאַרף מען גיין אויב מען וויל ניט פאַרבלאָנזשען,
נאָר זיי ניט קיין שוטה און קשיות ניט פרעג.

כאָטש ס׳איז ניט קיין נייעס אַזוינס אין ווייטשעפּעל,
וואָס האָט שוין געמאָזעלט, געפּאָקט און געקרענקט;
באַוויזען, פאַרגאַנגען, פאַרגעסען געוואָרען,
און קיינער נאָך זיי האָט קיין האָר ניט געבענקט,
עס איז בלויז די צייט ווי אַ רופא געקומען,
און זיי אין אַ ווינקעל פאַרשאָטענט, פאַרדרענגט.

אַ גליק נאָר, מיין ציפּע הערט ניט די געדאַנקען,
וואָס פליען רמז׳דיק דורך אין מיין מוח,
אַז ניט וואָלט זי איצט זיך צולאַכט און צו׳חוזק׳ט,
און אפשר געדופען מיך לעמעשקע אויך,
וואָס איך רעד פאַרשטעלט און דערמאָן ניט קיין נעמען
און שלעפּ מיך אַרום שוין אָהן מוט און אָהן כוח.

געדעכט ביזטו, ציפּע, מיין קרוין, מיין נשמה,
האָב איך מיר אַזוי זיך אין פּלפּול פאַרטראַכט,
און ווייטער אַוועק אויף מיין וועג קיין ווייטשעפּעל
אין שניי און אין פּאָגע ווי ס׳וואָלט שוין זיין נאַכט,
און אַלע געשעפטען מיט הייזער און גאַסען,
מיט נייגער באַקוקט און פאַר־חלום׳ט באַטראַכט.

נאָר קיינער האָט מיך ניט דערקענט פון דעם עולם,
אַזוי ווי איך וואָלט דאָ אַ פרעמדער געווען,
אַ פליט פון העקני, פון סטעפּני, צי פינטשלי —
אים קיינמאָל געהערט און אים קיינמאָל געזען!
גאַנץ פשוט, ווען כ׳וואָלט ניט קיין לאָנדאָן געקומען
וואָלט אויך ניט קיין אונגליק קיין גרויסער געשען.

טאָ גיי איך אַרום שוין פאַר׳צרה׳ט, פאַרעלענדט,
און זוך כאָטש אַ חבר, קאָלעגע פון פאַך,
איז ס׳רוב זיך צופאָרען אין אַלע מדבריות,
אין דערפער און שטעדטלעך פאַרוואָרפען אַ סך,
קען איך דאָך, רחמנא ליצלן, אויך פאַרגעסען
דעם קלאַנג פון מיין קול און דעם חן פון מיין שפּראַך.

בין איך דאָך מקנא מיין חבר ר׳ לעווי,
וואָס קיצעלט אין קליפּטאָן זיין מוזע געזאַנג,
און אים אויך מאַקס הערשמאַן אין ווילס אַזש פּאַרטריבען,
אַזוי ווי אין תּפיסה פאַרשלאָסען שוין לאַנג,
און דיכטעט דאָרט איינזאַם סנאַדאונישע לידער,
אין ריטב פון אַלפּישע בערגער געקלאַנג.

עס זענען אויך אַנדערע נעלם געוואָרען
פון אונזער ווייטשעפּעל, און כ׳זעה זיי ניט מער,
ווי פּוקס מיט׳ן שאַליקעל, שירם אָדער שטעקען,
וואָס גיט שוין אודאי פון אונז ניט קיין קלער,
און קלינגער אין קהאקי, אַ חכם וואָס טויג זיך
און דרייט זיך און קליגט זיך אהין און אַהער.

און איצט וואו איז קרעדיטאָר, לייבעלע בטלן,
דער חבר פון עבר׳ס פאַרבליענדער צייט,
אַז אים האָט דאָך נעבעך דער מסחר פאַרשלונגען,
און ער לעכצט מסתמא צו אונז פון דער ווייט;
און נאָך, נאָך קדושים פון דאגות פּרנסה,
וואָס וועלען שוין קיינמאָל ניט ווערען באַפרייט.

בלויז איך בין פאַרבליבען, פאַרגעסען, פאַר׳יתום׳ט,
און הינק מיר אַרום אין מיין אומעט אַליין,
פּונקט ווי אסתּר קרייטמאַן, וואָס גייט ניט אין ערגעץ,
נאָר וואו אַ פאַרזאַמלונג דאָרט מוז זי אויך זיין,
כאָטש זי האַלט גאָר ווייניג פון זוכען גדולים,
ווייל דאָס פּאַסט בלויז מענשעלעך נישטיג און קליין.

עס זיינען נאָך איניגע שרייבער פאַרבליבען,
באַרימט און באַ׳שם׳ט אויף דער ווייטשעפּעל גאַס
דורך העפּטלעך און קולטור מיט קולות וברקים,
וואָס לאָזען זיך הערען אָפּט ערנסט מיט כעס,
נאָר דאָס איז אַן ענין, וואָס כ׳וועל נאָך באַהאַנדלען
מיט ליבשאַפט און אפשר אויך קיבעץ און שפּאַס.

דערווייל גיי איך מיר בלויז אַרום אין די געסלעך,
אַזוי ווי אַ פּרעמדער אין עלענד פאַרטראַכט,
נאָר אומעטום רוט אַזאַ שטילקייט און שווייגען,
מיט טירען פאַרשלאָסען, פאַרהעמערט, פאַרמאַכט,
ווי אַרבייטער רינג מיט זיין גלאַנץ און זיין גלאָריע,
אַן עליו השלום און שטום ווי די נאַכט.

פאַרנעם איך מיין וועג אויף קאָמערשעל רויד ווייטער,
צו העסעל סטריט מאַרקעט און אמת יאַריד,
און קויף מיר דאָרט בייגעל מיט רעטעך און הערינג
און קריג פאַר באַצאָלעכץ אַ „טענק יו" ר' איד,
כאָטש נעם זיי אַרום אָט די אידישע הענדלער
און זינג זיי פון נחת דאָס טלית'ל ליד.

נאָר טיף אין מיין האַרצן נאָגט אַלץ נאָך דער אומעט,
וואָס עולם אין מאַרק האָט מיך מער ניט דערקענט,
אַז איך בין זייער למך, דער דיכטער דער גרעסטער,
וואָס בענשט זיי מיט אויגען צום הימעל געווענדט,
אַז ווייטשעפּעל מעג פאַר מיר לאַנג שוין פאַלען כורעים
און קושען אַלס אויסדרוק פון דאַנק מיינע הענד.

ווייל ווער האָט מפורסם געמאַכט דען איר נאָמען
אויב ניט למך ראשון, מיין לייבליכער פריינט,
נאָר גיי און האָב טענות און שריי חי וקים,
ווען ס'באָדט זיך דער גייסט בלויז אין גשמיות היינט,
און קאַלט איז דאָס וועטער און כמאַרנע און טרויעריג,
ווי ס'וואָלט אויף מיין גורל דער הימעל געוויינט.

און גלייך געגענאיבער דעם העסעל סטריט מאַרקעט
שטייט גראַנד פּאַליי איינזאַם, פאַרלאָזען און שטום;
עס זיינען בלויז דאָרטען די פּויסטערס פאַרבליבען
פון „קינג לאַמפּעדוסאַ'ס" מלוכה אומקום,
אַ שאָד נאָר, טראַכט איך מיר, וואָס צעלניקער נעבעך
שלעפּט זיך אין פּראָווינץ מיט זיין קונסט דאָרט אַרום.

עס פעלט אונז דאָך אַלע זיין קוויטשיג געוויצעל,
און אויך בעקי גאָלדשטיין אין מאַמע׳שען חן,
און אַלע אַקטיאָרען באַרימט פון קדמונים,
פון אַקסעלראַד, שערמאַן, פון גרויס און פון קליין;
איצט שטיי איך ביים גראַנד פּאַליי פול מיט זכרונות,
אַזוי ווי אַ פרעמדער ר׳ למך אַליין.

טאָ גיי איך מיר ווייטער אַרויף צו קיין אָלדגייט,
ביז וואַנען איך קום שוין צו אַדלער סטריט צו,
קוק איך אויף דעם פּאָלקס־הויז, דער חלום פון ביטלער,
געבוירען מיט ווייי אין אַ גליקלעכער שעה,
נאָר מיך גריסט די פוסטקייט פון פענסטער פון בלינדע,
ווי זיי וואָלטען פרעגען: וואָס זוכסטו נאָך דאָ?

אין זאַל האָט געשפילט דאָך אַ אידיש טעאַטער,
און אויבען האָט זיך מיט קולטור נאָר געלעבט,
מיט פּאָלקס־טישען מיטינגס און פּאָרטראַגס די שענסטע
אין עבר, אין הוה און עתיד פאַרוועבט,
וואָס ס׳פלעגט מאָררים מייער פאַר עולם דאָרט האַלטען
מיט רייד פאַר ישועות געהאָפט און געשטרעבט.

האָט ווייטער געוועבט זיך דער חלום דער שענער,
אַז בית עם זאָל ווערען דער צענטער פון גייסט,
און ווען ס׳וועט אַ איד מיט זיין ווייב זיך צוקריגען
זאָל ער דאָרט געפינען אַ ווינקעל פון טרייסט —
ביז וואַנען דער גאָלדענער חלום דער גרויסער
איז אויך פון ווייטשעפּעל אַוועק און פאַררייזט.

הכלל, ווי איר זעט, איז מיין היינטיגער קיבעץ
ניט מילכיג, ניט פליישיג, געפּלאַפּעלט אָהן טעם,
בלויז רייך אין הומאָר פונקט אַזוי ווי דער איכה,
די אַלטע ירושה פון אידישען שטאַם,
נאָר זייט איר אַ בעלן, מאַכט חוזק אויף חורבות,
ווען ס׳קומט זיך די בושה מיט ווייטאָג צוזאַם.

דערווייל גיי איך אַלץ נאָך אַרום אין ענטווישונג,
און פרעג וואו איז תכלית און יושר און דין,
דערפאַר זאָג איך אייך צו, בלי נדר, אויף שפּעטער
צו ברענגען גאַלעריעס פון אַנדערען מין,
כדי איר זאָלט זען, אַז די וועלט גייט ניט אונטער,
און ווייטשעפּעל האָט נאָך אַ ציל און אַ זין.

28-1-1945

## ווינטער סעזאָן

עס האָט זיך ווייטשעפּעל דעם ווינטער פאַרשלאָפן,
פאַרהילט זיך אין קאָלדרעס אין ווייסע פון שניי,
און קיין זאַך באַוועגט זיך און ס'רירט זיך שוין גאָרניט,
כאָטש רייס זיך דעם האַלז מיט געוואַלד און געשריי.

וואו זיינען די יוניאָנס, פּאַרטייען און קלייזלעך
מיט ווינטער סעזאָנען אַזוי ווי אַ מאָל,
מיט צוויי־דריי טעאַטערס, מיט טענץ און מיט האָפּקעס,
און זאַלען פאַר פאָרטראַגס, דעבאַטען אָהן צאָל?

שאַ־שטיל ווי אין תמוז זעט אויס אונזער געסעל,
אַזוי ווי אין צייטען פון שלום און רו,
ווען ס'פלעגט זיך דער עולם צום ים־ברעג צופאָרען,
און בלויז אַ פּאָר מענשען געלאָזען נאָך דאָ.

ווי אַנדערש דער ווינטער איז דאַמאָלט געווען,
אַ שפּרודעלדיג לעבען מיט טעטיגקייט פיל,
נאָר איצט, לא עלינו, ליגט ווייטשעפּעל נעבעך
אַזוי ווי פאַרשלאָפן, פאַרגעסען און שטיל.

טאָ גיי איך אַרום מיר און קלאַפּ אויף די טירען,
און פרעג מיך וואָס איז דאָ מיט אַלעם געשען,
פאַרוואָס אַזוי טויט, אַזאַ שווייגען פאַרגליווערט,
ווי ס'וואָלט ביי אונז קיינמאָל ניט אַנדערש געווען?

וואו זענט איר, גדולים, איר טוער און מאַכערס,
גבאים פון שוהלען און רבי'שען קלויז,
מחלוקות פאַר מפטיר, עליות און כבוד? —
איך בענק דאָך נאָך אייך, אז כ'גיי ממש שוין אויס!

און אַז שוין צופאָרען אין שטעדט און אין דערפער,
טאָ וואָס האָט איר מיך דאָ געלאָזען אליין,
אַז איך בין אָהן אייך ווי אַ שיף אָהן אַ רודער,
און קען מער אָהן אייך קיין מינוט שוין ניט זיין.

איר זענט דאָך געוועזן ווי מיין קוואַל פון פרנסה,
אייער חכמה און שטות האָט מיך אָפטמאָל געפרייט,
און ווען מרה־שחורה געקלאַפּט האָט אין פענסטער,
האָט מיך ווי באַשיצט אויך אייער ווינק פון דער זייט.

אייער גאַס איז געוועזען מיין וואַסער צו שווימען,
צו יאָגען זיך דאָרטען אַהין און אַהער,
צו כאַפּען די קאַרפּען, די גאָלדענע פישלעך,
און בלויז פאַר אַ קיבעץ און קיין זאַך ניט מער.

נאָר איצטער, גבאים, רביים און חסידים,
פיל איך ערשט מיין ליבשאַפט צו אייך אַזוי שטאַרק,
און וואָלט איר צוריק אויף דאָס ניי זיך באַוויזען,
וואָלט איך אַזש פון שמחה געטאַנצט אויף מיין קאַרק.

ווייל אָהן אייך צי האָט דען אַ פּנים ווייטשעפּעל,
אַז ס'פעלט שוין דער ברען דאָ פון אמת'ן גליק,
און ליידיג און פוסט איז דאָס אידישע לעבען,
וואו נאָר עס פאַרבלאָנזשעט מיין זוכענדער בליק.

אפילו דאָס אַלטע ציוניסטישע וועלטעל,
האָט זיך אויך פאַרצויגען ווער ווייסט וואו אַהין,
אַ גליק יצחק ליט פירט נאָך אָן פּראָפּאַגאַנדע
דורך קלויבען די בייטראַגס פון יעדערען מין.

ווייל ער איז דאָך פּאַקטיש דער איינציקער רעדנער,
וואָס מונטערט און וועקט אין דעם עולם זיין פליכט
פאַר ארץ ישראל און פאַר כל'ערליי קרנ'ס,
וואָס זיינען פאַר אידישען עתיד דאָס ליכט.

אפילו באַקשטאַנסקי האָט זיך ווי פאַרגעסען,
אַז ס'איז נאָך אַ אידישע איסט ענד פאַראַן,
און ער זיצט במנוחה אין בערגער פון ארבייט,
כאָטש ס'איז בלויז פון אים קיין ווייטשעפעל אַ שפּאַן.

געוואַלד, ר' באַקשטאַנסקי, צי איז דאָס אַ שטייגער,
אַזוי צו פאַרשווייגען די קרוין פון דעם קאָפּ,
דאָס האַרץ פון דעם אידישען ווירקליכען לעבען,
און קיינמאָל ניט קומען אַהער שוין אַראָפּ?

נאָר גיי און האָב טענות, אויף אייגענע נאָנטע,
געפלעגט און דערצויגען אויף ווייטשעפּעל'ס שוים,
זיי האָבען זיך ליבערשט דערנענטערט צו העמפּסטעד,
און קומען אָהן אונז אויך נישקשה'דיג אוים.

עס זיינען ביי אונז בלויז יחידים פאַרבליבען,
אַלץ טייערע אידען, וואָס וואוינען נאָך דאָ,
ווי רעוורענד מאַיעראָוויטש, דער חזן פון דיוקס פּליים,
וואָס לעבט און באַוועגט זיך און שאַפט נאָך דערצו.

ווייל וואו נאָר הזכרות דאַרט הערט זיך זיין שטימע,
און וואו נאָר אַ שמחה באַשיינט ער זי אויך,
און דאַרף מען פאַר הילף נאָר זיין ראַט און זיין ווירקונג,
בליצט אויף פול מיט פלענער און עצות זיין מוח.

און רעדט ער צו אייך שמייכעלט תמיד זיין פּנים,
אַזוי ווי ער וואָלט, דאַכט זיך, יעדען געטרייסט,
נישקשה, רבותי, ס'וועט ווערען נאָך אַנדערש,
ווייל העכער פון שלעכטס איז פון גוטסקייט דער גייסט.

ס'איז אויך הרב פעלדמאַן א איד משלנו,
כמעט ווי אַן אמת'ער יוצא מהכלל,
א מענש פון קולטור און פאַרליבט אין דער מאַסע,
און ברענגט מיט זיך פרייד וואו ער קומט איבעראַל.

ער לעזט אויך די ווערק פון די אידישע שרייבער,
און זאָגט זיך אַרויס אָפט וואָס דענקט ער פון זיי,
נאָר מילד איז זיין קריטיק און ערלעך זיין מיינונג,
און יעדער געדאַנק איז באַפליגעלט און ניי.

אפילו מיך, למך, באַטראַכט ער אַלס חבר
און גרוסט זיך מיט מיר ווען ער טרעפט מיר אַמאָל;
א שאָד הרב פעלדמאַן איז בלויז נאָר א יחיד
אין רבים רבנים פון ווייטשעפּעל'ס קהל.

און אָט האָט איר דאָ אויך א איד ווי ר' זינגער,
וואָס פיטערט דעם עולם מיט שפּייז פאַר דעם גוף,
און קעמפט אויפצוהאַלטען די פאָלקס־קיך ווייטשעפּעל'ס
וואָס איז אויף זיין אַקסעל געפאַלען ווי א שטראָף.

אַז ס'האָבען די „בליצען" פאַרטריבען די טוער
און אים בלויז געלאָזען ביים רודער אַליין,
נאָר ווי אַזוי ס'פילט זיך דאָרט זינגער אין פאָלקס־קיך,
דאָס קען נאָר מיטפילען זיין פרוי און פאַרשטיין.

און איצטער וואו איז אויך מיין לאַנדסמאַן ר' האַלטער,
דער חזן און מוהל פול מיט ישוב הדעת,
א מענש ניט קיין כעסן, צופרידען פון אַלעם,
באַקאַנט שוין פון יאָרען ביי אונז אויף דער גאַס.

און רעדט ער אַ וואָרט אוים באַקומט זיך דער איינדרוק,
ווי ער וואָלט די זילבען געלאַסען געציילט,
ווייל ווער דאַרף זיך איילען, אַז די צייט איז פאַראַנען,
ווערט קלאָר דער געדאַנק וואָס ווערט בעסער געפיילט.

איך וואָלט אפשר איצט שוין מיין היינטיגען המיטך
פאַרקירצט און פאַרענדיגט, ווייל כ׳פיל מיך שוין מיד,
נאָר גיי און האָב טענות צום בורא העולם,
אַז ס׳איז פאָרט קיין רו ניט פאַראַן פאַר אַ איד.

האָט פּלוצלינג פאַרוואָלט זיך די היגע ציונים
אַ גרויסע אסיפה צוצויגען אויף טעג,
מיט לאַנגע דעבאַטען, מיט רייד און מיט רעדעס
צו ברענגען אַלץ נענטער פון גאולה דעם וועג.

האָט דאָרט דאָס געקאָכט זיך, מיט „פּאָינטען אָף אָרדערס“
מיט „מאָושאָנס“, מיט פּלענער פון גרופּען, פּאַרטיי,
כאָטש גיב יעדער איינער די בכורה באַזונדער
צו בויען דעם ישוב ווי ס׳גלוסט זיך נאָר זיי.

האָט אָבער די שטאַאַטס פּאַרטיי זיך ניט געלאָזען
און אויך רעזאָלוציעס פילע געבראַכט,
ניט אַנדערש גיב איבער צו איר אַלע אַמטען,
צו שטיין בלויז אַליין און בראש פון דער מאַכט.

עס האָט זיך גע׳רעש׳ט אויך מיט אונזער בריגאַדע,
מיט גרופּען פון יונגוואַרג פון יעדען מין שיכט,
און פּועלי ציון מיט לאַקער בתוכם,
וואָס האָבען געפּאָדערט זייער רעכט און זייער פליכט.

און איבער די רעדעס האָט אויך זיך צוקלינגען
אַ ווייבערייש צאַרט דעלעגאַטישער קול,
וואָס האָט אין עניוות און צניעות געמאָנט אַלץ
צוריק פאַר דער פרוי איר אַמאָליגע ראָל.

און מיינט איר דען אפשר מען האָט זיך צו׳ברוגז׳ט? —
חלילה! ס׳איז גאָר אַזאַ זאַך ניט געשען,
ווייל בויען דעם ישוב דאָס איז דאָך דער עיקר —
אַזוי האָט זאַרעצקי אויך מסכים געווען.

הקיצור, עס האָט זיך דער עולם פאַר'שלום'ט,
ווען הויך האָט התקוה זיך פריידיג צושאַלט
אין טענער־בטחון אין עתיד דעם נאָנטען,
און פנים'ער גליקליך און גלויביג צושטראַלט.

נאָר איצטער איז ווידער שוין שטילער געוואָרען,
צוריק צו דעם אַלטען, עס רירט זיך קיין זאַך,
עס איז נאָר אַ גליק וואָס די רוסען אין מזרח
פאַרטייטשען די דייטשען פון „בליצען" די שפּראַך.

דערפאַר בין איך טאַקע אַזוי שטאַרק פאַרנומען
אין זינגען בלויז שבחים די רויטע ארמיי,
און זוכען און פאָרשען זייער גאַנג פון אַוואַנסען,
נאָר וויפיל איך לויף בלייב איך לאַנגזאַם פאַר זיי.

דערמאָן איך מיך אויך אין דעם מערב פון דאַנען,
און פיל אַז אויך דאָ הויבט זיך אָן דער געיעג,
אַז ס'וועט זיך דער שונא צומישט באַלד צויאָגען,
און זוכען אומזיסט שוין פאַר רעטונג זיין וועג.

און דאַמאָלט, רבותי, לכבוד דעם פּורים,
וועל איך מיר גראַגערען שוין מעכטיג און שטאַרק,
און טראַמפּלען אויף היטלער'ס און דייטשלאַנד'ס חלומות,
באַגראָבען אויף אייביג אין הורבות אַ באַרג.

נאָר זעט נאָר ווי כ'האָב מיך אויפ'-סניי דאָ סטראַטעגיעט
און פּשוט אַראָב פון מיין דרך און גאַנג,
כאָטש ס'איז מיין כונה געווען אין דעם אָנהויב
צו זינגען אַלט איסט ענד מיין בענקשאַפטס־געזאַנג.

אויב דאָס איז דיין שטייגער פון נודיען דעם עולם —
האָט ציפּע געוואָרענט מיך שטרענג אָהן אַ שיעור —
דאַן האָב איך שטאַרק מורא, אַז הערדי זאָל לעבען,
וועט זיכער פאַר דיר נאָך פאַרמאַכען זיין טיר.

נאָר מיינט איר, מיך האָט איר סטראַשונאַק געשראָקען —
מאַכט איר מיר, במחילה, שוין איינמאָל אַ טעות,
ווייל קומענדען זונטאָג, אַז ס׳וועט זיין ז י י ן רצון,
וועל איך ווידער שרייבען כאָטש כ׳וויים נאָך ניט וואָס.
4-2-1945

---

# אמאל און היינט

ניטאָ מער קיין נייעס און מענשען פאַר קיבעץ,
און אויסגעשעפּט האָט זיך מיין טעמע שוין איצט,
נו, זיץ איך דערפאַר מיר אין שטוב נאָך דעם טשאָלענט
און דרעמעל ביים פייער פון תענוג פאַרשוויצט.

ווייל וואו קען איך גיין דען און וואָס קען איך שרייבען,
אַז ס׳איז מער ניטאָ די אַמאָליגע צייט,
די ווינטער סעזאָנען פון טעג שוין פאַרגאַנגען,
אַזוי ווי אַ חלום אַוועק אין דער ווייט.

ווי אַנדערש, ווי אַנדערש אַמאָל איז געוועזען
דאָס לעבען ביי אונז אויף דער ווייטשעפּעל רויד,
אַ כשר׳ער מאַרק פול מיט שבת מציאות,
פון ציצית און בייגעל און ראַזאָווע ברויט.

און איצטער, ווער שמועסט נאָך, די העמדער און זאָקען,
די חנוכה לייכטער, קראַוואַטען און שיך,
און אָפט אַ מגילה׳לע איידעל פאַרוויקעלט,
כאָטש קויף אַ מתנה אויף פורים פאַר זיך.

ס׳האָט אויך זיך אַמאָל אויף אַ מאַרק־טייש פאַרוואַלגערט
אַן אתרוג, צו גאָר שיר־המעלות׳ן פיל,
שלעסער און ביכער און שרייפלעך און שמאַטעס,
און אַלץ וואָס אַ מענש קען נאָר ווינשען און וויל.

איז גאָר ניט קיין וואונדער וואָס פול איז געוועזען
דער אידישער מארק פלאַץ אין שבת פון רוה,
און נעבען די טישלעך האָט עולם געגנישטערט
צו קויפען מציאות פון דאָרט און פון דאָ.

האָט אויך אין דעם טומעל פון שבת יארידעל
זיך אָפטמאָל געהערט אויך א מיסיאָנער׳ס קול,
כדי צו באווייזען משיח איז געקומען
און רופט צו דער גאולה דאָס פאָלק פון ישראל.

ס׳איז ענג דאַן געוועזן אויף דער גאַס פון ווייטשעפּעל
און פול מיט געפּילדער, געלעכטער, געשריי,
און ס׳האָט אַלץ די מאַסע געשטראָמט אין מנוחה,
אזוי ווי די שכינה גערוט וואָלט אויף זיי.

און אַנדערשוואו ווידער, אין זאַלען פון יוניאָנס,
דאָרט האָבען די „ביינדלעך" מיט חכמה געקלאַפּט,
נאָר ווי איז געוועזען דעם שפּילער שלים־מזל,
וואָס האָט בלויז די „דאָבעלס" און „בלאַנקען" געכאַפּט.

נאָר ווייטער, אין אַנדערע פּלעצער און זאַלען,
דאָרט האָבען די רעדנערס די גרעסטע גערעדט
פון קאַרל מאַרקס תורה ביז קונסט, אַרציבאַשעוו,
פון ליבע און הייראַט, פון ליגען און גט.

עס איז אויך געגאַנגען דער עולם אין שוהלען
צו 'הערען דעם מוסר, פון מגיד די רייד,
וואָס האָבען געשילדערט ס׳גן־עדן, גיהנום,
פאַר ווייבער פאַר פרומע און אַנדערע לייט.

הכלל, ס׳איז געוועזען אַן אמת׳דיג לעבען,
און גרויס און באַרימט איז ווייטשעפּעל געווען,
נאָר היינט, לא עליכם, איז גאָרניט פאַרבליבען,
און גאָרניט צו הערען און גאָרניט צו זען.

נאָר דאָ האָט מיין ציפּע געוועקט מיך פון דרעמעל,
און מיך פּראָסט און פּשוט פאַרטריבען פון הויז,
צו גיין זוכען טעמעס ביי שבת נאָכמיטאָגס,
און ברענגען אַ גרוס ווי די גאַס זעט איצט אויס.

בין איך מיר דורך ניו רויד געגאַנגען שפּאַצירען,
ווייל וואָס דאַרף איך לויפען אַז שבת איז היינט?
און אפשר איז אַלץ נאָך דער זאַל איצטער ליידיג
פאַר אידישען לשונ׳ס פאַראייניגטע פריינט?

נאָר ס׳איז שוין געווען גאָר נישקשה אַן עולם
אין קאָמערשעל רויד זאַל דאָרט פאַרזאַמעלט צוזאַם,
און אויף דער פּלאַטפאָרמע בלויז מיינע קאָלעגען,
וואָס האָבען גערעדט ווי פאַר פייער און פלאַם.

דאָרט האָט משה עובד געלייענט פון דער תחינה,
פאַרוויקעלט דעם קאָפּ מיט אַ טיכעל ארום,
מיט אויגען פאַרגלאָצטע און מאָדנע העוויות,
אזוי ווי אַ אידענע ערליך און פרום.

ער האָט אויך באַוויזען, ער האָט ניט פאַרגעסען
די אלעף־בית חכמה, וואָס ער האָט געלערנט,
מיט פּיסלעך און פּאַסעקלעך, פּינטעלעך קליינע,
וואָס איז בלויז אין אויסטייטש פון טייטעל געווענדט.

נאָר אויערבאַך האָט שוין אַ דרשה געהאַלטען
פון ברענער, פון ביאַליק און גאונים אַ סך,
נאָר צו מאַלאָ-רוסיש און האַרט און פאַרשטיינערט
האָט זיך ווי פאַרלירישט צושטורעמט זיין שפּראַך.

עס האָבען גערעדט, דעקלאַמירט אויך נאָך פילע
און ס׳האָט די פאַרזאַמלונג געקוקט און געהאָרכט,
אַ שאָד נאָר געשטערט האָט אַ טייל פון דעם עולם,
וואָס האָט זיך פאַר נחת און תענוג צושנאָרכט.

געדערט האָט גאָר וויייניג ר' שטענצעל דער טשערמאַן,
נאָר בלויז דאָ און דאָרטען אַ פּירוש געמאַכט,
און אָפט אויך געקלאַפּט אויפ'ן טיש פון פּלאַטפאָרמע,
און עולם דערמאָנט, אַז מען שלאָפט נאָר ביינאַכט.

האָב איך מיר באַוואונדערט די אידישע יוגענד
פון זעכציג ביז זיבעציג יאָרען שוין אַלט,
און כ'וויים ניט פאַרוואָס און פאַרווען איך האָב פּלוצלינג
דערפילט ווי מיין מוח ווערט פאַרגליווערט און קאַלט.

און אפשר, האָט איך מיר געטראַכט, בין איך שולדיג,
וואָס ס'זיינען די קינדער פון אונז שוין אַוועק,
פאַרבלאָנזשעט, פאַרבליבען אין פאַרעווע וועלטען,
ניט גוי'איש, ניט אידיש — אינגאַנצען אָהן וועג.

מה נאמר, מה נדבר, אַז ס'איז אונזער לעבען
פאַר'טריפה'ט מיט כשרות פון ראשי הקהל,
וואָס זאָרגען סכנות פאַר „דזשואיש רעלידזשען"
דורך קלובען פאַר ספּאָרט און אַ טאַנץ אויך אמאָל.

אַזוי האָבען מיך די מחשבות געמוטשעט,
ווי היטלער'ס רשעים דעם פרייהייטס געדאַנק,
האָט איך מיך גאָר שטיל ווי בגנבה דערהויבען
און בין מיר אַרוים ווי אַ שאָטען אָהן קלאַנג.

אַוועק פון דעם זאַל און אַריבער דאָרט ווייטער
צו אַבסאַ'הויז מיטינג געדופען פון פונד,
און ווידער די מעשה, די זעלבע געשיכטע,
אַז אַלץ איז ניט מער ווי אַ זייט מיר געזונד.

און ווייטער, און ווייטער בין איך אַלץ געגאַנגען,
געפּאָרשט און געזוכט נאָך, נאָר אַלץ איז אומזיסט,
כאָטש גיי ווער אַ חסיד פון גודמאַנ'ס אגודה,
צי ווי חזן גאָטליב אַ איד אַ ציוניסט.

ווייל ס׳אַרבייט דאָך גאָטליב צוזאַמען מיט יוגענד
אין דאָלסטאָנער נייעם ציון פאַראיין,
אַ גליק נאָר זיין האָדעלע זינגט אָפּט פאַר עולם
און לאָזט זיי ניט שלאָפען ביי מיטינגען איין.

הקיצור, איך האָב מיך אהיים אומגעקערט שוין
אָהן טעמע צו שרייבען פאַר היינטיגער וואָך,
נאָר וואָס וועל איך זאָגען מיין ווייבעל אַלס אויסרייד,
ווען זי וועט אַ פרעג טון, וואָס הערט מען דאָרט נאָך?

בין איך מיר אַריין אינ׳ם הויז ווי פאַרפרוירען,
און האָב בלויז מיין ציפּע׳ן מיט זונטאָג געטרייסט,
ווייל מאָרגען, בלי נדר, וועל איך שוין גיין זוכען
אין אַנדערע פלעצער דעם אידישען גייסט.

דערלעבט שוין דעם מאָרגען נאָך קולות וברקים,
האָב איך אָבגעדראַוועט בחפזון׳דיג שנעל,
געמאַכט נאָך אַ ברכה אויף טיי און אויף לעקעך,
און באַלד שוין געשטאַנען אויף יענער זייט שוועל.

נו, לויף איך און איל מיך ווי פייל אויס׳ן בויגען,
און כאַפּ אויך די זיבען און פערציגער באַס,
ווייל זונטאָג איז אָפען דאָס סערקעל הויז שטענדיג,
טאָ פאָר איך מיר צו צו דער עלי סטריט גאַס.

דאָרט מוז זיך דאָך טומלען נאָך באַלד פון פרימאָרגען
מיט רעדעס פאַר קולטור, פאַר קונסט, פּאָליטיק,
און דאָרט וועל איך שעפּען די טעמעס מיט עמערס,
אַזוי ווי באַ׳מזל׳ט פון אמת׳ן גליק.

נאָר ווען כ׳בין אַריין אין דעם צימער דעם ערשטען,
בין איך שטיין געבליבען פאַרשעמט און פאַרבלאַסט,
ווייל ס׳האָבען בלויז „ביינדלעך“ גערעדט און גע׳דרש׳נט,
אַ לשון גאָר פרעמד פאַר אַ שרייבער אַ גאַסט.

געענדיגט אַ חלום, אַ האָפנונג צורונען,
אַז ס'איז ניט קיין נחת פאַר למך'ן דאָ,
טאָ וואו גייט מען ווייטער אין זונטאָג נאָכמיטאָג
און ערגעץ פאַרברענגען געמיטלעך אַ שעה?

האָב איך מיך גאָר פּלוצלינג דערמאָנט אין די פּליטים,
וואָס האָבען געשאַפען פאַר קולטור אַ הויז —
אַ זאַך וואָס ווייטשעפּעל האָט קיינמאָל באַוויזען
מיט טומלען וואָס לאָזען צו גאָרניט זיך אויס.

בין איך מיר צו קייזענאָוו רויד צוגעפאָרען
און דאָרטען דאָס אידישע לעבען געזוכט,
האָב איך שוין אין איין־וועגס געהערט אַ דרשה
פון מוסר און פּלפּול געהאַלטען פון פרוכט.

און פעלטאָן האָט פרומע סאָוויעטישע לידער
געזונגען פאַר'דבקה'ט אין חסידישען טאָן,
„די קרעניצע" זמירות, „דער יונג פון די בלאָטעס"
מיט ביראָ־בידזשאַן און איר אידישע פאָן.

דערנאָך איז געקומען נעט רובין אין פּראָגראַם
און לידער נאָך לידער געזאָגט, רעציטירט,
בין איך מיר געזעסען און נחת געקליבען,
וואָס קיינער האָט זיך כאָטש פון אָרט ניט גערירט.

איצט ווילט איר דאָך וויסען אודאי מיין מיינונג
פון אַלעם וואָס כ'האָב אין קולטור הויז געהערט,
וועל איך אייך בלויז זאָגען, אַז כ'האָב גאָרניט געגען,
אַז ס'זאָל כאָטש קיין ערגערס ניט זיין אונז באַשערט.

איך וואָלט נאָך אַריין אין דעם ציון הויז צענטער,
איז אָבער די „בלעק־אויט" געקומען צו גיין
און מיר איינגערוימט אַ מין סוד פון רחמנות,
אַז ציפּע וואַרט נעבעך אין שטוב דאָרט אַליין.

פאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז איך האָב מיך צוהינקעט
און פּונקט ווי דייטשען אין ריקצוג אַוועק,
כדי ניט צו פאַלען אין דער פאַסטקע פון ציפּע'ן,
און אויס מיט אייער למך, אַ סוף און אַן עק.

הקיצור, ס'איז ריקצוג לויט פּלאַן פון סטראַטעגיע,
אַ ריקצוג, צום קבר געיאָגט און געבליצט,
נאָר איר ווייסט דאָך אויך, אַז מיט זיבען טעג שפּעטער
וועט אַלץ שוין זיין בעסער אפילו ווי איצט.

זייט מוחל, וואָס כ'האָב מיך פּאָליטיש צו'דבר'ט,
אַזוי ווי איך וואָלט אַ מין נביא געוועזן
פאַר אייך צו ענטפּלעקען די סודות פון נעכטען,
וואָס איר האָט אַליין שוין באַמערקט און געזען.

נאָר גאָרניט, איך לויף מיר אהיים צו מיין ציפּע'ן,
כאָטש כ'האָב ניט קיין נייעס פאַר היינטיגער וואָך,
און אפשר, אַז ס'וועט די השגחה פאַרלאַנגען
קען אַלעם פאַרוואַנדלען אין נסים זיך נאָך.

11-2-1945

---

# חלומות

מיר האָט זיך גע'חלום'ט אַ חלום אַ מאָדנער,
אַז ס'לאָנדאָנער בית-דין האָט טיף זיך פאַרטראַכט
צו זוכען אַ לייזונג פאַר חינוך פּראָבלעמען,
וואָס זיינען פאַר מיר און פאַר דיר ניט געדאַכט.

נאָר איידער וואָס ווען האָט מען מיך בלויז גערופען
צו פרעגען אַ שאלה, ווי זעט עס דאָ אויס,
צי לערנט מען אין חדר די קינדער כאָטש קריש,
און ווי אַזוי ס'לעבט זיך ביים עולם אין הויז.

צי היט מען דאָרט כשרות און טהרת משפחה,
אָט פונקט ווי אין קראָקע און לאָדז אויך אַזוי,
צי אפשר גאָר מאַכט מען דאָרט שבת מסחרים
און ס׳גייט אויך אָהן שייטעל די אידישע פרוי?

האָב איך זיי, דאָס בית־דין באַטראַכט ווי פאַר׳חידוש׳ט,
וואָס מיר האָבען זיי אָט די פראַגען געשטעלט,
און ניט וואַלעי כהן וואָס האָט זיכער מער דעה,
ווי טויזענדער למד׳ס אויף גאָרער דער וועלט.

נאָר גאָרניט, איך האָב מיך פאַרנייגט אין הכנעה,
און ממש פאַרלוירען מיין לשון פאַר פרייד,
וואָס ענדליך איז למך אַ מענש אויך געוואָרען,
און אויך זיינס אַ וואָרט איז פון גרויסען באַדייט.

האָב איך זיי געענטפערט, אַז שלעכט איז דער חינוך
ביי אונז אין דעם מלכות ווייטשעפעל שוין לאַנג,
אַז וועו ניט בר־מצוות און וועו ניט הפטרות,
וואָלט מער ניט פאַרבליבען פון „היברו“ קיין קלאַנג.

ניט בעסער, האָב איך זיי געזאָגט, איז דער מצב
אין היטען דאָס כשרות ביי אונז אויף דער גאַס,
און וואָלט זיך אַ ווייבעל אין שייטעל באַוויזען,
וואָלט דאָס דאָך געוועזען שוין איינמאָל אַ שפּאַס.

אַזוי, אָט אַזוי, האָב איך פשוט גע׳טענה׳ט,
געציילט און געמאָסטען מיין יעדערן וואָרט,
ביז וואַנען דאָס בית־דין האָט ענדלעך באַשלאָסען
צו רופען אסיפות פון רעווערענדס זאָפאָרט.

פאַרגעסט אָבער אויך ניט צו לאַדען ר׳ וואָהל׳ן,
האָב איך זיי געבעטען מיט רחמים אָהן שיעור;
ער איז דאָך אַ מומחה אין הלכות החינוך,
און קען נאָך דאָס פראָבלעם פיל בעסער פון מיר.

און ווי נאָר איך האָב מיין בקשה פאַרענדיגט,
האָט זיך באַלד אַ פאָרהאַנג אָן עפּען געטון,
אַן אמת׳ער מיטינג פון רעווערענדס, רבנים,
און אויף דער פּלאַטפּאָרמע זיצט וואָהל אויבען־אָן.

עס האָט זיך געקאָכט און גע׳רעש׳ט און געפּילדערט,
יהדות מוז ווערען דאָ איבערגעבויט
דורך מקוה און שייטלעך, הפטורות און קדיש,
דורך קענען כאָטש מאַכען המוציא אויף קרויט.

געפּאַטשט האָב איך בראַוואָ, באַגייסטערט פון יובעל,
געשריען פון פרייד און מיין מויל ניט פאַרמאַכט,
נאָר דאָ האָט מיך פּלוצלינג מיין ציפּע צוטרייסעלט,
און איך האָב פון חלום דעם מאָדנעם דערוואַכט.

---

מיר האָט זיך גע׳חלומ׳ט אַ חלום אַ מאָדנער,
אַז ס׳האָט באַאַרד אָף דעפּוטים נאָך מיר געשיקט,
כדי כ׳זאָל זיי ברענגען רשימות פון ביכער
פון אידישע שרייבער אין לאָנדאָן געדריקט.

ווייל ס׳איז דאָרט אַ זיצונג פאַררופען געוואָרען,
געווידמעט אין גאַנצען פאַר אידיש קולטור,
צו שאַפען פאַרלאַגען פאַר אידישע ספרים
און רייכער נאָך מאַכען אונזער ליטעראַטור.

ווי נאָר כ׳האָב דאָס בריוועל געלייענט און באַגריפען,
האָב איך אויפגעשוידערט פון שרעק אָהן אַ שיעור;
צי בין איך משוגע מיט איינמאָל געוואָרען
און זעה האַלוצינאַציעס אין טאַנץ אַרום מיר?

איך האָב אויך מיט אימה געטאַפּט מיר ביים שטערן,
צי האָט זיך דער פיבער אין מיר ניט צוברענט,
צי אפשר נאָר איז בלויז די באַאַרד דאָרט דער חולה,
און דראַפּעט זיך פּשוט אַליין אויף די ווענט?

ווייל ווי קען געמאָלט זיין אַ נס אזא גרויסער,
אַז ס'זאָל זיך די באַארד גאָר דערמאָנען אַמאָל,
אַז ניט בלויז פון לחם און סיטי מסחרים
לעבט און עס שאַפט נאָך דאָס פאָלק פון ישראל?

נו, ברעך איך מיר טאַקע דעם קאָפּ און פרעג שאלות,
און קוק אַלץ פאַר'חידוש'ט אין בריוועל אַריין,
דאָרט שטייט דאָך בפירוש אין אידיש געשריבען,
אַז ס'וועט דאָרט די זיצונג אַ „ספּעשעלע" זיין.

פאַרפאַק איך מיין קלימעק מיט ביכער רשימות
און לויף דורך די גאַסען צו וואָבורן הויז,
אַבי זאָל דער עולם ניט זאָגען אַז למך
קומט תמיד צו שפּעט ווייל ער האַלט זיך צו גרויס.

און בין איך אַריין נאָר אין טאַק זאַל דעם גרויסען,
האָט יעדער מיט אונגעדולד דאָרט שוין געוואַרט;
יחי למך השני און הידד געשרייען —
זיי האָבען באַגריסט מיך גאָר האַרציג און צאַרט.

גערעדט האָט בראָדעצקי ענטציקט און באַגייסטערט,
פון דיכטער און שרייבער אין אידישער שפּראַך,
וואָס האַלטען אויף פריש אַלץ דעם תוך פון יהדות
דורך שירים, נאָוועלען און ביכער אַ סך.

נאָר איצט מוז די באַארד אויך שוין מאַכען איר בייטראַג
דורך שאַפען פאַרלאַגען פאַר אידיש נאָר בלויז,
און יעדערער דעפּיוטי מוז תיכף קויפען
די ביכער וואָס זיינען דאָ לעצטענס אַרויס.

דאָס זעלבע האָט אויך דאָקטאָר פעלדמאַן באַוויזען,
ווייל פּונקט ווי דער גוף איז אויך וויכטיק דער גייסט,
אַבי זאָל דער ווייטשעפּעל אידישער שרייבער
כאָטש האָבען אַ טראָפּעלע נחת און טרייסט.

ווייל אויב שוין עשירות שטייט העכער פון אלעם
דאָס וואָרט דאָס געדרוקטע, דאָס בילד, דער געראַנק,
און ווער שמועסט נאָך לידער, אַזוי ווי פון לעווי'ן,
פון סופר זיין טאַטען דאָס פרומע געזאַנג.

ער האָט אויך דערמאָנט נאָך פיל אַנדערע דיכטער,
די אידישע שרייבער ביי אונז אויף דער גאַס,
און מיך אויך בתוכם אריין דאָרט גערעכענט,
כאָטש קיינער נעמט ערנסט מיין קיבעץ און שפּאַס.

דערנאָך איז געקומען סיר ראָבערט אין רייע
מיט שבחים פאַר אידישער שפּראַך און קולטור,
אַזוי אַז איך האָב מיך גאַנץ פּשוט דערשראָקען,
צי איז דאָס אַ חלום, צי אַלץ אויף דער וואָר ?

נאָר באַלד איז געקומען אַן אַנדערער רעדנער
(איך האָב גראָד זיין נאָמען פאַרגעסען געננוי),
און הויך און מיט פייער געפרעגט נאָך דעם עולם
צי יעדער פון זיי טראַכט שוין אויך ניט אַזוי.

עס האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם פון אַפּלויזען,
אַ שאלה אַ ביסעל, צי מסכים — וואָס ניין ?
אַז ס'איז בלויז דער עיקר דאָס אידישע לשון,
דאָס מאַמעשע לשון מיט טויזענדער חן !

נאָר דאָ האָט בראָדעצקי מיין נאָמען גערופען,
און פול איז מיט יובעל די מאַסע געוועז ;
באַנייטע אַפּלויזען, הידד'ס און יחי'עז,
ווי נאָר ס'האָט מיך עולם אויף פּלאַטפאָרם דערזעז.

עס האָט מיך די פרייד אין דעם האַלז אַזש געוואָרגען,
כאָטש צאַפּעל און רייס זיך, ניטאָ אַלץ קיין וואָרט ;
שטיי איך אויף דער בינע אַזוי ווי אַ גולם,
פון שטיין אויסגעהאַקט און גענאָגעלט צום אָרט.

האָט טאַקע אַ שוויס מיך באַגאָסען אַ שווערער,
געוואַלד, האָב איך פּלוצלינג צושריען זיך הויך,
נאָר דאָ האָט מיין ציפּע אויפ׳סניי מיך געוועקט שוין,
און איך בין געבליבען אָהן אָטעם און כח.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און ווידער האָט זיך מיר אַ חלום גע׳חלום׳ט,
אַז איך האָב געהערט ווי מען קלאַפּט אין מיין טיר,
און ס׳פאַלען אריין פּעקלעך צייטונגען, שריפטען,
געשיקט פון קאָלעגען אין רוסלאַנד צו מיר.

אין איינער האָט דאָרט איציק פּעפער געשריבען,
אַז אויסער אין רוסלאַנד געגוג זיינען דאָ
נאָך אידישע דיכטער אין ניו יאָרק, ווייטשעפּעל,
וואָס שאַפען אָפּט ווערק און ניישקשה דערצו.

פּראָפעסאָר מיכאָעלס איז גאָר זיך פאַרגאַנגען
אין שבח צו אַקטיאָרען מחוץ אויך זיין לאַנד,
און פּשוט געשריבען, אַז זיי קענען שפּילען
אַזוי ווי מען שפּילט אין סאָוויעטען פאַרבאַנד.

עס האָבען זיך קוויטקאָ און מאַרקיש צוזונגען
פאַר אידישען שאַפען אין גאָרער דער וועלט,
און אַז מיט אָבדרוקען אַ בוך אין ווייטשעפּעל,
באַווייזט זיך דער דיכטער אין ליכט פון אַ העלד.

און ווען איך האָב דורשטיג מיט ווילדער הנאה
די „איינקייט", „עמעס" געלייענט ווי מיט פרייד,
האָב איך שוין די עוולות די אַלטע פאַרגעסען,
אַבי נאָר זיי טראַכטען פון אונז אין דער ווייט.

און גרעסער איז אַלץ נאָך מיין שמחה געוואַקסען,
ווען כ׳האָב דאָרט אַ ליסטע פון ביכער דערזען,
פון ביכער ערשינען אין ניו יאָרק און לאָנדאָן,
און צווישען זיי אַלע איז „למך" געווען.

די קריטיק געווען איז שוין איינמאָל אַ פיינע,
מיט שבחים געפּאַקט בלויז פאַר יעדען פון אונז;
האָב איך מיר געטראַכט אַז אַ נס איז געקומען,
ווייל בלויז נאָר אַ נס האָט באַוויזען די קונץ.

און חוץ אָט די קריטיק האָט „עמעס" גערופען,
אַז יעדער מוז קויפען פון אויסלאַנד די ווערק,
ווייל מיר זיינען אַלע די שאַפענדע גייסטער,
כאָטש ס׳טיילען אונז אָב נאָך מרחקים און בערג.

האָב איך אַזש פון פרייד זיך צוזאַפּעלט, צו׳קול׳עט:—
דו זעסט, ציפּע לעבען, ווי גרויס ס׳איז דאָס גליק,
אַז אידישע שרייבער אין לאַנד פון סאָוויעטען,
זיי האָבען דערמאָנט זיך אין אונז שוין צוריק.

שוין אויס איגנאָרירען, שוין אויס דאָס פאַרשווייגען,
און האַלטען אַליין בלויז פון אייגענעם כח;
מיר זיינען דאָך ברידער, קאָלעגען „פאָר־פּאַכו",
און פּונקט ווי דאָרט מאַרקיש איז ליסקי דאָ אויך.

נאָר דאָ האָט מיין גליק און מיין פרייד זיך געענדיגט,
ווען איך האָב געעפענט די אויגען אויפ׳ס-ניי —
איר זאָגט: ס׳איז אַ חלום, אַזוי זאָגט אויך ציפּע —
חלומות, חלומות, ווען מאַכט איר מיך פריי?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר באַלד בין איך ווידער אַנטשלאָפען געוואָרען
און ערגעץ אין וועלטען אין ווייטע געשוועבט,
אין וועלטען וואו ס׳הערשט בלויז דער שלום און פרייהייט,
און הייליג איז אַלעס וואָס אָטעמט און לעבט.

דאָרט ווייסט שוין ניט קיינער פון שנאה, פון ליידען,
און פרעמד איז צום אויג אויך דער גלאַנץ פון אַ טרער,
נאָר וואָס כ׳האָב געזען דאָרט, און וואָס כ׳האָב גע׳חלום׳ט,
דאָס זעט איר, רבותי, דערצייל איך ניט מער.

איך בעט אייך מחילה, זייט מוחל אייער למך,
וואָס האָט זיך צו׳חלום׳ט און ביטער צולאַכט,
ווייל אפשר וועל איך ביז דעם קומענדען זונטאָג
צוריק שוין געפינען פאַר קיבעץ מיין מאַכט.

18-2-1945

---

# מאַסקעס

הכלל, ווי איר זעט איז שוין קרוב צו פורים,
דער יום־טוב פון מאַסקעס ביי אונז אויף דער וועלט,
כאָטש ס׳פעלען אויך טיילמאָל קיין טוער און פירער,
וואָס גייען כסדר אַרום ווי פאַרשטעלט.

נאָר כ׳וויל איצט ניט רעדען פון יענע מין מאַסקעס,
וואָס גראַגערן, טומלען און רימען זיך בלויז,
אַז נאָר אין זייער זכות און זייער אַרבייט פאַר יושר
לעבט זיך נאָך דאָס לעבען און לעשט זיך ניט אויס.

איך מיין בלויז די מאַסקעס פון אונזערע נאָענטע,
אין אייגענעם ווינקעל זינט יאָרען באַ׳שם׳ט,
די טוער וואָס טענה׳ן זיי קענען די מאָסען
און קוקען צו אונז ווי אַראָב פון דער פרעמד.

און קומען זיי ערגעץ אויף אונזערם אַ מיטינג,
גיסט פשוט זיך בוימייל אַרויס פון זייער מויל,
אַז ס׳דאַרף זיין זייער טועכץ פאַר אונז גאָר אַ כבוד,
ווייל זיי זאָרגען אַלע אַז אונז זאָל זיין וואויל.

נו, הער איך מיך צו און איך שמייכעל גאַנץ איינפאַך,
און טראַכט מיר ווי ס׳פּאַסט זיי פון מאַסקע די שטאַלט,
נאָר מאַסע פאַטשט בראַוואָ און גלויבט אין די שטותים,
און זעט ניט און ווייסט ניט אַז אַלעם איז בלאָף.

אז אַלץ גייט אין מאַסקעס וואָס מיינען דעם היפּוך,
און יעדערער חשבון איז תמיד פאַרקערט,
נאָר עולם מיינט שטענדיג אַז בלויז דורך די פּירער
וועט קומען ס'גן־עדן ביי אונז אויף דער ערד.

נאָר וואָס האָב מיך דאָ צו'פּלפּול'ט, צו'רמז'ט,
ווי כ'וואָלט מיך געדרייט און געשאַרט ביי די ווענט,
און רעד וועגן טוער און פּירער אָהן נעמען,
אַז איר האָט זיי זיכער קיין איינעם דערקענט.

נאָר גלויבט מיר ס'איז שווער ערב פּורים צו שרייבען,
ווען ס'איז נאָך קיין זאַך פאַר דער שמחה ניט גרייט,
קיין טראָפּעלע בראָנפען, קיין טאָרטען, קיין פּריטלעך,
אַזוי ווי אַמאָל אין פאַרגאַנגענער צייט.

אפילו קיין אַרבעס, קיין וויין, המן־טאַשען,
קיין פליישיגער מאָלצייט צי פּשוט'ע פיש,
אַז גאָר שבגאָרניט פאַראַן איז אויף יום־טוב,
און וואָכענדיג ליידיג שטייט נאַקעט מיין טיש.

טאָ גייט זייט אַ בריה און פרייט זיך מיט גאָרניט,
אין מאַכט זיך אַ לב פאַר אַ וויץ און אַ שפּאַס,
ווען ס'טרוקענט דער האַלז אַזש און בענקט נאָך יין־שרף,
כאָטש מאַך אים מיט איינפאַכע וואַסער בלויז נאַס.

איז ציפּע גערעכט דאָך און קודש איר טענה:
פאַרוואָס שיקט די „צייט" ניט קיין בראָנפען פאַר דיר,
ווייל שרייבען פון פּורים און ניט זיין בגילופין,
דאָס איז דאָך אַן ענין אַ האַרבער פאַר מיר.

נו, גיי, זיי אַ חכם און שרייב ניט פון פּורים,
און רעד ניט, דערמאָן ניט חברים און פריינט,
וועט עולם דאָך זאָגען אַ גאַנץ יאָר גע'שיכור'ט,
און פּונקט איצט אין פּורים אַ ניכטערער היינט.

האָב איך מיך פאַרטיפט און געזוכט אַליץ אַן ענטפער,
גע׳פשט׳לט, געדרייט זיך אַהין און אַהער,
צו שרייבען פון פורים פון מאַסקעס פאַרשטעלטע,
צי גאָר זיך באַהאַלטען, ניט ווייזען זיך מער.

און אפשר זאָל איך איצט צו פרומקין זיך ווענדען,
צו חייקין און אַנדערע קראָמען פון ווייַן,
און זיי דאָרט דערציילען, אַז למך השני
מעג איינמאָל אין יאָר כאָטש פאַר׳שיכור׳ט אויך זייַן.

ווייל זאָגען דעם אמת אָהן מינדסטען פּחדנות,
דאָס קען נאָר אַ שיכור, וואָס זעט אַלעס קלאָר,
און לאַכען אַליין פון דער אייגענער קליינקייט,
וואָס רינגעלט אַרום אים דאָס קיילעכדיג יאָר.

ווייל וואו נאָר ער דרייט זיך דאָרט זעט ער פאַרשטעלטע,
אַ וועלט בלויז פון מאַסקעס באַהערשט און געפירט,
דורך פאַלשע פּזמונות אַליין זיך דערהויבען,
מיט נאַרישע גדלות געגרויסט און באַצירט.

און ניט בלויז אַזוי פאַר דער גאַס פון דערויסען
הילט איין זיך דאָס שטות אין אַ מאַנטעל פון זייד,
כדי אָבצונאַרען זיך איינער דעם צווייטען,
ביז וואַנען עס קומט צו פאַרגיין אויך זייער צייט.

עס איז דאָך אַזוי אויך ביי אונז דאָ אין וועלטעל,
וואָס קרומט זיך און שעמט זיך מיט זיך אויך אַליין,
און שטעלט נאָר לפּנים אַרויס אַ מין פרומקייט,
וואָס גראָבט ווי אַ קברן די אידישקייט איין.

פאַרפרעמדט און פאַר׳מיאוס׳ט ווערט דאָס אייגענע לשון,
און אידישע קולטור אַן איבריגע זאַך,
טאָ וואָס וויים די יוגענד פון אונזער עשירות
זינט דורות געשאַפען אין אייגענער שפּראַך.

עס טראָגט דאָך דאָס כּשרות אַ מאַסקע פון חוזק,
ווייל וואָס איז דער גוף אָהן אַ ניצוץ פון גייסט ?
צי לעבט דען אַ פאָלק בלויז פון לאָקשען און סאָלט-ביף,
מיט „טאָרעס אָף מאָזעס“ פאַרגליווערט, פאַרגרייזט ?

און מיינט איר אודאי, אַז איך בין אַ צדיק,
אַ מענש בלויז מיט יושר און אמת׳ן פול,
אַז כ׳טראָג ניט קיין מאַסקע און זוך ניט קיין כבוד,
כאָטש גיט פון דער באָארד מיר דעם פּרעזידענט שטול ?

אויב איר מיינט דאָס טאַקע דאַן מאַכט איר אַ טעות,
ווייל כ׳האָב אויך די שוואַכקייט ווי פילע פון אייך,
אַז כ׳בין אָפט מקנא אַ נגיד ווי ראָטשילד,
וואָס ער איז ניט למך און איך בין ניט רייך.

און קומט נאָר צו דיכטער בין איך דאָך דער גרעסטער,
וואָס האָט ווען עס איז אויף דער וועלט עקזיסטירט,
ווייל קורלאַנד און שעקספּיר מיט וואַלט׳ן אינקלוסיוו,
זיי ווערען באַאיינפלוסט פון מיר און געפירט.

דאָס ווייס איך אַליין נאָר איך האַלט עס בסודות,
ווייל ווער קען ווי איך דען מיין הויכען טאַלאַנט,
און רעדט מען פון כבוד, פון רום און פון גרויסקייט,
מאַך איך דאָס אַלס עניו אַוועק מיט דער האַנט.

און שמועסט מען פון חכמה, פון וויסען און גאונות,
דאַן שמייכעל איך שטיל אין מיין בערדעל אריין,
ווייל איך ווייס דאָך יאָ, אַז די מעלות די אַלע
און אַנדערע פילע באַזיץ איך אַליין.

אָט פונקט ווי מיין ציפּע מיינט אויך פּאר אַן אמת,
אַז איך קוק אויף קיינעם ניט יונגער פון איר,
נאָר זאָל זי דאָס מיינען, וואָס קען עס מיך ארען,
אַז ס׳ליגט ווי געטאָקט אַלץ די מאַסקע אויף מיר.

עס דענקט דאָך אפילו בן־א. סאַכאַטשעווסקי,
אַז ער איז מיין איינציגער חבר און פריינט,
און ווייס ניט אַז איך האָב אַ ווילדע הנאה
וואָס ווייטשעפּעל האָט אים פאַרגעסען שוין היינט.

הקיצור, איר זעט דאָך, איך טראָג אויך אַ מאַסקע
און שטעל מיך צוזאַמען מיט מאַסקעס אין ריי,
צו האַלטען דרשות, אַז איך וועל ניט רוען
ביז וואַנען די וועלט וועט פון „וואָנטס" ווערען פריי.

גענוג, שוין גענוג, האָט זיך ציפּע צושריען,
וואָס פּלאַפּעלט ער דאָרטען פון היץ און פון קעלט,
אַז פּונקט ערב פּורים האָט ער זיך צו׳פּלפּולט,
מיט פרייהייט פון „וואָנטס" און מיט גליק פאַר דער וועלט.

זיי מוחל, וואָס כ׳האָב מיך פאַר׳שיכור׳ט מיט וואַסער,
אַז ס׳דרייט זיך דער קאָפּ ווי אַ מיל־ראָד אין ווינט,
און טויזענדער פּורים׳ס, כיי אַלטע, סיי נייע
טראָגט אַלץ אונז אַנטקעגען די מענשליכע זינד.

נאָר וואָס אַרט די וועלט דיך, האָט ציפּע גע׳טענה׳ט,
וואָס נעמסט דו דיך אָן פאַר דער קריוודע פון דור,
אַז דו האָסט אפילו קיין סמיכה אַלס רעוורענד
און אויך ניט קיין חלק אין פאָלקס ישור הבר.

אויב דו קענסט ניט קיצלען מיט קיבעץ ווייטשעפּעל
און מאַכען איר פריילּיך אַזוי ווי ס׳געהער,
טאָ פאָלג מיך און שיק בעסער עולם־שלח־מנות,
ווייל דאָס איז דאָך אַלץ וואָס זיי ווילען איצט מער.

שאַ, שריי ניט, דו זעסט דאָך אַז איך בין באַשעפטיגט,
האָב איך צו מיין ציפּע׳ן געטון אַזאַ זאָג,
ווייל פּורים של דינסטאָג כמנהג זינט דורות
איז פאָרט פאַר שלח־מנות דער פאַסענדסטער טאָג.

הכלל, האָט געדולד נאָך, חברים, רבותי,
בלויז צוויי טעג צום נס וואָס אַמאָל איז געשען,
און ערשט ביי דעם טיש שוין געגרייט פאַר שלח־מנות,
דאָרט וועלען מיר ווידער, בלי נדר, זיך זעהן.

25-2-1945

## מדינת פורים

און אָט, זעט איר, האַלט איך, רבותי, מיין צוזאָג
צו שיקען שלח־מנות פאַר ווייטשעפּעל היינט,
נאָר איידער כ׳גיי איבער צום עצם הענין,
דערלויבט מיר דערמאָנען די המן׳ס די פיינט.

כאָטש גרויס איז דער חסד פון בורא העולם,
וואָס מיר האָבען ווידער אַ פורים פאַר זיך,
דערפאַר לאָמיר אַלע איצט טרינקען לחיים
אויף המן׳ס מפּלה בקרוב און גיך.

איר ווייסט דאָך מסתמא, אַז כ׳מיין דאָ דעם המן
פון אונזער מאָדערנער און בלוטיגער צייט,
וואָס האָט ווי אַ פינסטערער וואָלקען פאַרטונקעלט
די יאָרען די קורצע פון מענשליכער פרייד.

נאָר איצט ברעכט זיך שוין זיין גבורה אין גסיסה,
עס בויט די נקמה זיין תליה שוין אויף,
און דאָרט וועט ער הענגען מיט בנים רשעים,
ווייל דאָס איז דאָך אייביג פון שלעכטסקייט דער סוף.

נאָר טיפער פאַראַכטעט ווי המן הרשע
וועט בלייבען זיין נאָמען פאַר דורות שוין לאַנג,
עס וועט בלויז די שרעק ווי פאַר מאָנסטער־געשפּענסטער
אים געבען אַ פּלאַץ אין גיהנום׳ס געזאַנג.

און מיר וועלען שרייבען אַ נייע מגילה
מיט אותיות רויט מיט דעם בלוט פונ׳ם הארץ,
נאָר וואו וועט דער נס זיין, דער נס פאַר דער צוקונפט,
אַז אַלץ וועט פאַרבלייבען אין טרויער פון שוואַרץ?

טאָ לאָמיר דערהויבען מיט שטורם די גראַגערס
צום פעלקער געוויסען פאַר אונזערע רעכט,
ווייל מיר ווילען מער שוין זייער רחמים ניט קענען
און זיין צו זייער חסד די אייביגע קנעכט.

נאָר דאָ האָט שוין ציפּע מיין ווייב פון פּראָטעסטען,
אַזוי ווי געוועגליך און תמיד געשטערט,
און צריק מיך געבראַכט צו מיין מיסיע פון פורים,
צום יום-טוב־דערוואָכען ביי אונז אויף דער ערד.

גערעכט ביזט דו ווייבעל, האָב איך איר געענטפערט,
„איי טהענק יו“, דיין עצה איז פּינקטליך און גרויס,
נאָר ווער איז דער ערשטער צו שיקען מיין שיקעניץ
מיט ברכות פון פורים און גלייך פון מיין הויז?

איך ווייס שוין, האָב איך מיך דערמאָנט ווי מיט שמחה,
דער ערשטער מוז זיין דאָך דער הויפּט פון דעם קהל,
דער רבי זאָל לעבען, דער ראש פון די ראשים,
אַזוי ווי עס פּירט זיך ביי אונז אַלע מאָל.

האָט ציפּע דערלאַנגט מיר דעם טעלער דעם שענסטען
און איך האָב באַלייגט אים מיט כל טוב אַ סך,
מיט ברכות און כל׳ערליי זאַכען נאָך זיסע,
און אַלץ בלויז אין אונזער ליבהאַרציגער שפּראַך.

איך האָב אויך געבעטען דעם טשיף רבי רחמים
צו דרוקען אַ בוך זיינס אויף אידיש פאַר אונז,
ווייל גרעסער ווי פּינטשלי איז מלכות הגלות,
וואָס רעדט נאָך אַלץ אידיש און קען נאָך די קונץ.

און אויב ער דאַרף האָבען אַ קינסטלער „טראַנסלייטאָר“,
ווייס ער דאָך פון לאַנג די אַדרעס וואו איך וואוין,
און חוץ דעם אַ ווערק איבערטייטשט נאָך פון למך,
וועט זיין ווי דימאַנטען באַזעצט אויף אַ קרוין.

און אָט האָט שוין ציפּע דערלאַנגט מיר נאָך טעלער,
אי קליינע אי גרויסע פאַר מיר אויסגעשפּרייט,
און האָב איך דערמאָנט זיך נאָך נעמען באַרימטע,
האָב איך זיי שלח־מנות צושיקט און געטיילט.

אדון חיים וויצמאַן שיק איך מיין שלח־מנות
די אידישע גאולה פאַר וועלכער ער שטרעבט,
און צענדליגער טויזענדער ספרי הזהב
מיט ליבשאַפט פון פאָלק דורכגעשפּונען פאַרוועבט.

מיין חבר בראָדעצקי דעם גרויסען בעל חשבון,
שיק איך די יאַהודים וואָס שרעקען זיך בלויז,
און טוליען זיך נעבעך אין אייגענעם שאָטען
פון אַלעף דזש. אַלעף ווי ליכט וואָס צאַנקט אויס.

און איצטער, מיין ציפּעלע, לאָמיר צוטיילען
שלח־מנות אין שייכות מיט אידישען שטאַאט,
מיט אונזער זאַרעצקי אַלס קאָמאַנדוועלטה פּרעמיער,
און נאָך אַ פּאָרטפעלע וואָלט אויך ניט געשאַט.

און איצט וואו איז סטאָלבאָוו אַלס האַנדעלס מיניסטער,
פּויל גודמאַן פאַר פּאָסט שוין פאַרבראָקט מיט פּאַרקער,
נ. באַרו, מיניסטער פאַר אויסלאַנד'ס ענינים
און חבר מ. קאַטץ בלויז פאַר ציין און ניט מער.

נ. ביטלער פאַר אויפבוי, קולטור און פינאַנצען,
מיט ביטש אַלס מיניסטער פאַר קונסט, מאַלעריי,
און חזן י. שערמאַן חזנות מיניסטער,
מיט פאָלקס ליד נגינות פאַרקערפּערט אין זיי.

מיין פריינד בערל לאָקער אַלס ארבייטס מיניסטער,
וואָלט אויך ניט געווען אַזוי מאָדנע און קרום,
ווייל ער קען דאָך יאָ די פּראָבלעמען פון לעבען,
און וואָס עס מיינט פּראַצע אַרום און אַרום.

אַלס פּרעסע שעף איז דאָך ה. מייער ווי געווינשען,
מיט לעווענבערג שותפות באַטייליגט אין אמת,
מרגליות פאַר ראַדיאָ און יאָסקאָוויטש טראַנספּאָרט,
און אָטאָ שיף צדקה מיניסטער געזאַמט.

פאַר ארכיטעקטור איז ר' נחום וואָלף וויליאַמס
דער בעסטער מיניסטער וואָס ס'קען זיין פאַראַן,
ווייל ער איז דאָך עפּעס אַ איד אַ בעל דקדוק
אין הלכות פון בויען לויט סדר און פּלאַן.

נאָר וואָס גיט מען איצט פאַר אַ פּאָסטען ווייטשעפּעל
אין מלכות פון פורים ביי אונז אויף דער וועלט,
ווייל איך קען דאָך איר אין דעם גלות ניט לאָזען
צו פרירען פון היץ און צו ברענען פון קעלט?

ניט אַנדערש איך וועל איר מיט מיר איבערטראָגען
צוזאַמען מיט אַלע חברים פון „צייט“,
מיט איזי, גדליה, מיט הערש און מיט גאָלדשטיין,
פאַרבראָקט נאָך מיט שמואל'ן שוין איינמאָל אַ לייט.

געשיקט מיין שלח־מנות אַלס בילדונגס מיניסטער
האָב איך רעוורענד גאָלדבלום קיין קאַנאַדאַ אַזש,
נישקשה, כאָטש איינמאָל לכבוד הפורים
מעג ווייטשעפּעל אויך אים צושיקען אַ נאַש.

און זאָרף ער פאַר זיך אַ געהילף נאָך פאַר חינוך,
איז דאָך אברהם מאַנדי פאַר אים ווי געפּאַסט,
אַז זיי זאָלען געבען בשותפות השגחה
אויף אונזער ווייטשעפּעל ת"ת גרויסען טראַסט.

פאַר קריג און מחלוקה די פרווי מיט די בייגעל,
וואָס זיצט ביי איר קוישעל ביי אונז אין בריק ליין,
ווייל זי איז אַ בריה צו שטיין על משמרת
און פעט און באַ׳טעם׳ט איז איר לשון מיט חן.

ניט שלעכט וואָלט געווען אַלס געזונדהייטס מיניסטער
אייער למך הראשון, מיין חבר און העלד,
ער איז דאָך אַ מומחה אין הוסטען און הינקען,
און איז שוין זינט דורות באַקאַנט אויף דער וועלט.

עס זיינען נאָך דאָ אַלץ פיל ליידיגע אַמטען,
נאָר מיר פעלען אוים שוין די נעמען אין מוח,
ווייל איר זעט אַליין דאָך, אַז עיקר שכחתי,
עס דאַרף דאָך אַ שטאַאַט נאָך אַ פּרעזידענט אויך.

נאָר דאָ האָב איך מיך שוין פאַרטיפט אין מחשבות,
ווייל וואָס איז דען טאַקע מיט מיר דאָ אַליין,
איר מיינט כ׳וועל מיך שעמען, אַז ס׳וועט מיר ניט פּאַסען?
נו, גייט שוין, רבותי, וואָס אייך פאַלט אַלץ איין!

הכלל און הקיצור, עס רוקט זיך דער אָבענד,
אַ שעה און אַ שעה און דער פורים איז אוים,
טאָ מוז מען זיך אַליין צושיקען דאָס שיקעכיז,
וואָס גיבער און שנעלער אין גאַס פון מיין הויז.

טאָ נאַט אייך איר אַלע, וואָס זאָרגען פאַר קולטור,
אַן אמת׳ע יוגענד מיט מוט און מיט ברען,
מיט שולעס, ישיבות און אידישע סביבות,
אַזוי ווי אַמאָל אין דער היים איז געווען.

און אייך מיין געליבטער בית דין פון ווייטשעפּעל,
שיק איך אויך אַ ברכה פאַר דרייסטקייט און קראַפט,
איר זאָלט זיך ניט בויגען פאַר געלד־זעק יאַהודים,
נאָר שטיצען זיך בלויז אויף דער מאַסע וואָס שאַפט.

און קומט אויך אַרויס אין דער גאַס צו דעם עולם
מיט אמת'ער אהבה צו זקן און קינד,
איר זענט דאָך ביי אונז דאָ פון גייסט די מנהיגים,
און ליב האָבען עמך איז אויך ניט קיין זינד.

און אייך ציוניסטען, וואָס זאָל איך אייך שיקען
מער ווי אַ היים־לאַנד אין ארץ ישראל,
און אידיש־העברעאיש פאַר'חבר'ט הארמאָניש
זאָלען דאָרט קלינגען אויף באַרג און אין טאָל.

ווייל איינס איז דאָס פאָלק דאָך און איינס זיין נשמה,
און געטליך די שפּראַכען די צוויי וואָס עס קען,
און פּונקט ווי דאָס הייליגע לשון פון תפילות,
איז אויך ווי אַ נס דורך בלויז אידיש געשען.

איך שיק אויך שלח־מנות כל מינים פּאַרטייען
צו פייערען ענדליך פאַר פרייהייט דעם זיג,
ווען ס'וועלען די פעלקער שוין מענשליכער לעבען,
און מער שוין ניט וויסען פון צער און פון קריג.

און איצט צו דער וועלט, צו דער מענשהייט ברבים,
שיק איך נאָך שלח־מנות אַ גאָלדענע איי,
און הונדערטער עצות צו קענען פאַרמיידען,
אַז ס'זאָל מער קיין אונגליק ניט קומען אויפ'ס־ניי.

נאָר וועט דען די וועלט מיין שלח־מנות אויפנעמען,
כאָטש איך שיק איר אויך מיינס אַ וואונש פאַר געזונד,
צו שאַפן אויף אייביג אַ פעלקער משפחה,
אַ שלום גע'חתמ'עט אין אמת'ן בונד!

איך האָב נאָך פיל שאלות געהאַט איר צו פרעגען,
נאָר גראָד ווי געוועגליך האָט ציפּע געשטערט,
אוי, גולם און גזלן, און טיטלען נאָר שענע,
האָב איך ווי מאָרטאַרען אַרום מיר דערהערט.

שיקסט יעדען שלח־מנות, האָט זי אַלץ געטומעלט,
נאָר וואָס וועסט דו קריגען אַליין דען צוריק
מער ווי געלעכטער פון אַלע וואָס לעזען
דיין נאַרישע חכמה פון שטראָם־גראַם מוזיק?

גערעכט ביזט דו, ציפּעלע, קרוין מיינס, מיין לעבען,
האָב איך איר געענטפערט גאַנץ רוהיג באַזאַכט,
פאַר מיר איז דאָך תמיד אַ נחת אַ גרויסער,
ווען איך הער ווי עולם פון למך'ן לאַכט.

27-2-1945

---

## די וואָך אין ווייטשעפּעל

געוועזן איז דאָס איינמאָל אַ וואָך שוין מיט לעבען,
מיט מיטינגס, אסיפות, מיט וואַלען, פּראָטעסט,
אַ שפּיל אין טעאַטער מיט פּרץ'ס „מתנות",
און ציפּע מיט מיר אומעטום אַלס די געסט.

דאָס האָט מיך דערמאָנט אין דער אַלטער ווייטשעפּעל,
וואָס איז דאָך אַמאָל אַזוי פריילעך געוועזן,
האָב איך מיר געטראַכט, אַז פון תחית המתים,
איז פּשוט אַ נס מיט אונז איצטער געשען.

נאָר לאָזט מיך, איך בעט אייך דעם אָטעם אָבכאַפּען,
און איך וועל לויט סדר באַשרייבען פאַר אייך,
וואָס איך האָב געהערט און געזען אַלץ ביי לייטען
אין טעג בלויז געציילטע מיט טעטיגקייט רייך.

נאָר כ'בעט אייך דערלויבט מיר צו נעמען דעם זונטאָג
מיט מיטינגען צוויי אין דער זעלביגער צייט,
אין טאָינבי האָל בלויז פאַר פּראָטעסט און פאַר אחדות,
אין אַבסאַ הויז ווידער פאַר קולטור און פרייד.

בין איך מיר אוועק אין דער טאָינבי האָל קודם
צו הערען אין וואָס ס'האַנדעלט דאָרט זיך געגוי,
און צו דעם נאָכמיטאָג פאַר טריבונע חכמות,
האָב איך מיר געשיקט מיט אַ ברכה מיין פרוי.

ווייל איך קען מיך תמיד אויף ציפּע'ן פאַרלאָזען
צו ברענגען אַ גרוס מיר און פולען באַריכט,
און אָפּטמאָל אַליין אַלאַ למך אויך זאָגען,
אַ וויץ און אַ קיבעץ גאָר שאַרף און געדיכט.

נו, הייסט עס, בין איך מיר אַוועק צו דעם מיטינג,
און דאָרטען געטראָפען באַקאַנטע אָהן שיעור,
גאָר היימישע אידען פון מלכות ווייטשעפּעל,
וואָס האָבען זיך האַרציג געגריסט דאָרט מיט מיר.

וואָס מאַכט איר, ווי גייט עס, און שלום עליכם,
אַ חוצפּה אַביסעל פון רייכער ווערט ענד!
ווער האָט זיי די אַלעף דזש. אַלעף געבעטען
צו רעדען פאַר אונז ווי דורך לייזיגע ווענד?

ווער האָט זיי דערווײלט און ווער ברויכט זייערע טובות,
אַז שווער איז דאָ טאַקע דערגיין צו אַ טאָלק,
ווייל ס'איז דאָך די באָארד אונזער איינציגע שטימע,
און בלויז זי אַליין נאָר פאַרטרעט אונזער פאָלק.

און נאָך, נאָך פּראָטעסטען אין ווערטער פיל שאַרפער
האָט יעדער גע'טענה'ט מיט פאָרוואורף און כעס,
צי מיינען זיי טאַקע די רייכע יאַהודים,
אַז אַלץ איז שוין הפקר ביי אונז אויף דער גאַס?

נאָר דאָ האָט זיך שוין די אסיפה געעפענט,
מיט ר' הערורי מייער אַלס יושב נאַ־שפּיץ,
און ער האָט באַוויזען אַ חשבון אַ קלאָרען,
אַז ס'זיינען דאָ אידען וואָס רעדען פון היץ.

און נאָכגעפאָלגט האָט דאָן דער חבר ב. לאָקער,
באַקשטאַנסקי און אויך מיין קאָלעגע סעם דרין,
און זיי האָבען אַלע גאַנץ בולט געשילדערט,
אַז ס׳האָט דאָס פּחדנות קיין ציל און קיין זין.

ר׳ אָסטערלי האָט אויך נישקשה גע׳דבר׳ט,
און ס׳איז בלויז איין הסכם ביי אַלע געווען,
אַז מיאוס האָט געהאַנדעלט די אַלעף דזש. אַלעף,
און ס׳טאָר אַזאַ זאַך שוין ביי אונז ניט געשען.

מיט בראַוואָ אַפּלויזען געזיגט האָט דער אמת,
ווייל ס׳איז דאָך נאַטירליך אַזוי זאָל דאָס זיין:
די באָרד האָט דעם ווילען פון אונזערע מאַסען,
און וואו זי פאַרלאַנגט נאָר דאָרט וועלען מיר גיין.

געענדיגט בשלום די שלאַכט מיט נצחון,
בין איך מיר אַוועק פול מיט פרייד אין געפיל,
כדי צו באַזוכען די אבסאַ הויז קולטור
און זען ווי ס׳גייט אָן דאָרט פון פורים דער שפּיל.

געפרייט האָט דעם עולם די וויצען און חכמות,
און אָפּטמאָל געוואָרען אויך ערנסט פאַרקלערט,
ווייל ס׳האָט אין דער שמחה, ווי ס׳איז אונזער מזל,
אַ טאָן פון אבלות זיך אויך דאָרט דערהערט.

כאָטש ציפּע האָט שטיל מיר דערציילט אויפ׳ן אויער,
אַז ס׳האָט יעדער איינער זיין בייטראַג געמאַכט,
און ניט בלויז פון בעלקין, פון ראָטה׳ן און וויצען,
נאָר אויך איבער מיר האָט זיך יעדער צולאַכט.

נאָר זי וועט איר קיבעץ פאַרלויפיג אָבלייגען,
ווייל ס׳איז דאָך שוין שפּעט און ניטאָ מער קיין צייט,
עס הויבט באַלד אָן שפּילען דאָס נייע טעאַטער,
טאָ לאָמיר גיין גיכער כאָטש ס׳איז גאָרניט ווייט.

נו, גייט און פאַרלאָזט זיך אויף הייַנטיגע ווייבער,
אפילו אַזאַ ,ווי מיין ציפּעלע איז,
טאָ גייען מיר ביידע צוזאַמען צום פּאָלקס הויז,
און איך שלעפּ ווי פרעמדע קוים נאָך מיינע פיס.

נאָר כ'האָב קיין חרטה, ווייל ס'האָט אַלץ געלוינט זיך
צו זען „דריי מתנות" אין פאָלקס הויז געשפּילט,
ווייל איך בין אַזוי ווי באַ'למך'ט געוואָרען
און ממש ווי יום טוב זיך גליקליך געפילט.

ווייל שען איז געוועזען אין הימעל דאָס שפּילעכץ,
און אויך צו דערליידען די זינדיגע ערד,
מיט שלמה קאָהן קדוש אַזש צוויי מאָל געשטאָרבען,
אַזוי ווי עס איז בלויז אַ צדיק באַשערט.

אַז ער האָט מיך ממש פאַרגאַפט און פאַר'חסיד'ישט
מיט חבר שאַפּיראָ און בלינדען אין טאַנץ,
אַז מיר האָט געדאַכט ווי איך טראָג מיך און וועלטען
פון לויטער קדושה אין הערליכסטען גלאַנץ.

עס האָט בלויז געפעלט אַ קליין ביסעל נשמה
דעם העלד, די נשמה אין ווייסען געקליידט,
ווייל אַנשטאָט צו שוועבען כסדר אין חלל,
האָט זי זיך באַוואויגען ווי קרום אויף אַ זייט.

נאָר זאָל מיר דער קינסטלער לובינסקי פאַרגעבען,
איך בין דאָך ניט אויסען חלילה קיין בייז,
ווייל אפשר בין איך ניט קיין מבין קיין גרויסער
און מאַך דאָ אַליין אויך אַ ווילדען געבייז.

מיך האָט בלויז פאַרציטערט דער מלאך המות,
דער קינסטלער ר' ניקאָף מיט אויגען צוברענט,
ווייל פּונקט ווי אַ גזלן און גרייט פאַר דער שחיטה
האָט ער דאָך געהאַלטען זיין שווערד אין די הענט.

אזוי ווי אַ סימבאָל פון אידישער צניעות
פון אַלע יסורים ביי אונז א׳י׳ה דער וועלט,
האָט פונקט ווי אַ שטערן געלויכטען, געפינקעלט
פאַר קידוש השם דאָרט מיין חבר׳טע פעלד.

ס׳האָט אויך קלאַרא מייזעלס אַלס באָבע באַגייסטערט,
איר זאָרג און איר פרומקייט מיך ממש גערירט,
און אויך ביטרים קאָהן מיט איר הארציגען זינגען
האָט מיך ווי אַ אינגעל ראָמאַנטיש פאַרפירט.

ס׳האָט אויך גערדא קערטים געשפילט און געזונגען,
אזוי ווי עס פאַסט פאַר דעם סניגור אליין,
איר יעדע באַוועגונג פאַר תפילות פון רחמים,
האָט איינפאַך געשפרודעלט מיט ליכט און מיט חן.

הכלל, מיך האָט פשוט דאָרט יעדער פאַר׳שיכור׳ט,
(אזוי ווי די „ווילנער“, געדענקט איר זיי נאָך?)
אַז איך האָב בדעה צו „בוקען“ די „סיטס“ דאָרט
פאַר מיר און מיין ציפע׳ן פאַר זעקס מאָל אין וואָך.

נאָר מיינט איר אודאי, אַז ס׳האָט ניט קיין וואָלקען
מיין שמחה אין פאָלקס־הויז פאַרטונקעלט פאַר מיר.
ווען ציפע איז „דזשעלאָוס“ גאָר פלוצלונג געוואָרען,
כאָטש גיי צו דעם בית דין און גט זיך מיט איר.

עס האָט איר פאַרדראָסען מיין גרויסע התפעלות
פאַר קינסטלערינס יונגע צובליט און באַ׳חנ׳ט,
נאָר וואָס כ׳האָב געליטען נאָך מיין פאַרגעניגען,
דאָס ווינש איך אפילו אויך ניט מיינע פיינט.

הקיצור, געענדיגט און ווייטער געלאָפען
צו פרישע אסיפות פאַר וואַלען באַשטימט,
פאַר נייע באַאַמטע אין אַלט פעדעריישאָן,
וואָס האָט אירע יוצרות אין קריג ווי צוקרימט.

האָט דאָרט זיך געטומעלט, געקאָכט און געליאַרעמט,
ווי ס׳וואָלט אונזער גורל געשטאַנען אין קאָן,
כאָטש יעדער געהאַט האָט די בעסטע כונות,
אַז בלויז וואָס איז ריכטיג זאָל ווערען געטון.

נאָר ענדליך, געלויבט זיי, ווייל גרויס איז ד י י ן. חסד,
עס האָט אומגעקערט זיך צו שלום די צייט,
ווייל פּרעזידענט איז דאָרט געוואָרען מיין חבר,
דער וואַרימער איד און דער חסיד ר׳ רייט.

הכלל, ס׳איז געוועזען אַ וואָך פון די וואָכען,
פּראָטעסט און קולטור און מיט קונסט און מיט וואַל,
און איך בין געלאָפען פאַרשמייעט, צוטראָגען
און בין אויף די שמחות געוועזן איבעראַל.

איך ווייס אַז עס פעלט היינט דער „קיק" אין מיין קיבעץ,
נאָר גלויבט מיר אַז דאָס איז שוין גאָרניט מיין שולד,
ווייל ס׳איז אָפּט דער עולם צו איידעל, עמפינדליך,
און האָט בלויז צו חוזק פאַר פרעמדע געדולד.

נישקשה, לא אלמן, איר קענט דאָך דאָס ווערטעל,
מיר ווילען זיך האָפענטליך שפּעטער נאָך זען,
און דאַמאָלט, רבותי, וועט ווידער אייער למך
שוין ווערען דער זעלבער אַזוי ווי געווען.

4-3-1945

---

# אין אונזערע טעג

עס זיינען פאַראַן אָפּט מינוטען פון בענקשאַפט,
וואָס רופען אין שטילקייט זכרונות אַרויס,
זכרונות פון יאָרען און צייטען פאַרגאַנגען,
און אַלץ וואָס פאַרבליבען איז שאָטענס נאָר בלויז.

און דאַמאָלט באַהערשט מיך אַ שטימונג פון שווייגען,
אַ שטימונג פאַר תפילות געבוירען אין פּיין,
דערפאַר וועל איך בעטען ווייטשעפּעל מחילה,
וואָס איך וועל איצט שרייבען פון מיר נאָר אַליין.

ס'איז אמת, עס שמעקט שוין די נאָנטקייט פון פרילינג,
ווען אַלץ וועט דערוואַכען צו לעבען און פרייד,
נאָר וואָס איז די שמחה וואָס וועט מיך דערוואַרטען,
און וואָס פאַר אַ טרייסט קען מיר ברענגען די צייט?

און אַז ס'וועט דער טאָג שוין פון שלום אויפשיינען,
וועט אויך דען מיין טרויער פאַרגיין און אַוועק,
צי ווערען נאָך טיפער וועט אַלעם מיין יאוש,
און מורא'דיג שאַרפער מיין צער און מיין שרעק?

ווייל כ'וועל זיי דאָך זוכען אין הורבות פון פּוילען,
די ברידער און שוועסטער, די קינדער פון זיי,
און אפשר דאָרט קיינעם שוין מער ניט געפינען,
כאָטש ס'וועט שוין די וועלט זיין דאַן גליקליך און פריי.

איך וועל זיי אויך זוכען אין מזרח און מערב,
אין לענדער פאַרכאַפּט און באַהערשט פון דעם פיינט; —
געווען דאָ דיין ברודער, געווען אויך דיין שוועסטער,
נאָר וואו ס'איז זייער קבר ווייס קיינער ניט היינט.

געווען אויך די קינדער, די אייניקלעך זייערע,
דריי דורות, דריי דורות פאַרווישט פון דער ערד,
פאַרניכטעט זיי אַלע מיט מיתות משונות,
דורך גאַז און דורך קוילען, דורך פייער און שווערד.

עס האָט בלויז זייער לעצטער געשריי זיך געריסען
פאַר רחמים צום הימעל, נאָר אַלץ ווי אומזיסט;
דער דייטש האָט די קערפערס פון דיינע קדושים
געוואָרפען ווי שמאַטעס אויף בערגער פון מיסט.

עס קען זיין זיי האָבען פון דיר נאָך גע׳חלום׳ט,
און אפשר געהאָפט דיך אמאָל נאָך צו זען,
נאָר ס׳איז מער קיין זכר פון זיי ניט פאַרהאַנען,
אַזוי ווי גאָר קיינמאָל געלעבט און געווען.

ווייל אויך אין מיידאַנעק, טרעבלינקאַ און געטאָס
איז אַזש בלויז פאַרבליבן און קיין זאַך ניט מער,
וועל איך זאָגען קדיש אויף פעלדער אויף וויסטע,
פאַרגליווערט פון וויי אין געוויין אָהן אַ טרער.

איך וועל אין אבלות פאַרשווייגען, פאַרשטומען,
אַזוי ווי אַ יתום אין עלענד אָהן טרייסט,
ווייל ס׳איז דאָך מיט זיי אויך אַוועק און פאַרשוואונדען
דאָס שענסטע פון פאָלק און דאָס רייכסטע פון גייסט.

און ווען ס׳וועט די וועלט מיט איר שלום זיך פרייען,
וועט ברומען אין צאָרן אַ קללה אין מיר,
אַז אייביג פאַרשאָלטען זאָל דייטשלאַנד פאַרבלייבען,
און ס׳זאָל מער קיין צוקונפט ניט אויפגיין אין איר.

נאָר וואוינען מיט זיי זאָל די אימה און שפלות,
דער עקעל צו זיך פאַר דער אייגענער שאַנד,
און שטיקען און וואַרגען זיך איינער דעם צווייטען,
און פינסטער אָהן מאָרגען זאָל בלייבען זייער לאַנד.

זאָל האַסען די וועלט דיך און קיינמאָל פאַרגעסען,
אַז שמוציג ביזטו דו אין נשמה און גוף,
און אויב ס׳וועט מיין ברודער צו דיר זיך אומקערען,
זאָל פאַלען אויף זיין קאָפּ אויך דיין שאַנד און דיין שטראָף.

איך האַס דיך, איך האַס דיך, אוי, לאַנד פון רשעים,
זאָל ברענען מיין האַס צו דיר שטענדיג מיט מאַכט,
און חושך און וויסט זאָלסט דו בלייבען אויף אייביג,
אָהן טאָג און אָהן זון, נאָר פאַרהילט פון דער נאַכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און האָב איך מיין קאָפּ אין די הענד איינגעגראָבען,
באהערשט פון יסורים און אנגסט אין מיין נויט,
האָט עפּעס אַרום מיר אין טרייסט ווי געמורמעלט:
שטיי אויף, ווייל ניט דו נאָר דיין שונא איז טויט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס זיינען פאַראַן אָפּט מינוטען פון בענקשאַפט
צו טעג שוין פאַרגאַנגען אין נעפּעל פון צייט;
אַ בענקשאַפט צו פריינד און צו יוגענד חברים,
וואָס זיינען אין לענדער אין ווייטע צושפּרייט.

אין יענע מינוטען דערמאָנסט דו דיך נעמען,
חלומות באַפליגעלט און געטליך באַהעלט,
אַז ס'וועט זיך די ערד אין גן־עדן פאַרוואַנדלען,
און גליקליך וועט זיין אין דער צוקונפט די וועלט.

און פּונקט ווי אַ קינד אין אַ שפּיל זיך צופּיעסטשעט,
פאַרגלוסט זיך צו ברענגען דעם עבר צוריק,
און זוכען אויפ'ס־ניי אויף די וועגען פון יאָרען
די יונגע חלומות פאַר פרייהייט און גליק.

אָט זעה איך אַ מענש, אברהם רייזען דער דיכטער,
נאָך יונג אין די יאָרען נאָר אַלט אין זיין צער;
ער רופט צו די מאַסען און וועקט דעם בטחון,
אַז זיין וועט אַ טאָג נאָך אָהן קנעכט און אָהן האַר.

ווי מילד איז זיין פּנים נאָר בלאַס און פאַר'חלום'ט,
און טיף מיט אמונה זיין ליכטיגער בליק,
ווייל אויך אין די ווינטען וואָס הוליען און ברעכען,
זעט ער שוין דעם אויפגאַנג פון רוה און פון גליק.

און שלעפּט אים די אַרבייטער נויט אין די קעלערס
פון ווילגאָטש, פון דלות, פון ענגשאַפט און וויי,
לאָזט ער דאָרט אויך איבער די טרייסט פאַר דעם עתיד,
און טרערען פון רחמים און ליבשאַפט צו זיי.

צווינגט זיך דאָס קול פון דעם דיכטער אויך טרויעריג
אין ניגון פון דור, אין געזאַנג פון זיין צייט,
און ס'ווערט מאי־קא־משמע־לן ס'ליד פון געשיכטע,
א גאַנצע עפּאָכע אין ווערטער באַקליידט.

איך האָב אים באַגעגענט אין קראָקע און לאָנדאָן,
ווען יונג איז נאָך אַלעס געווען אונזער וועג,
און ס'האָט זיך געדוכטען ניט לאַנג איז די צייט שוין
פון יושר און צדק און העלערע טעג.

וואָס מאַכט ער איצט דאָרט אברהם רייזען דער ליבער,
אין ניו יאָרק דער קאַלטער שוין לאַנג, אַזוי לאַנג,
צי ווייסט ער, צי פילט ער אַז אונזער נשמה
געפינט אַלץ נאָך טרייסט אין זיין יונג־אַלט געזאַנג?

איך זעה אויך נאָך אַלמי אין טעג פון דער יוגענד,
די יאָרען אין קראָקע צוזאַמען פאַרבראַכט,
מיט לעווי, מיט בימקאָ און זאַגאַן דער קדוש
(דער לעצטער געפאַלען אין דער וואַרשעווער שלאַכט).

געדענקט איר נאָך אַלע די ווייטע חלומות,
די פרייד ווען מיר האָבען אַ לידעל געדריקט,
ווי שטאָלץ ס'האָט דער קאָפּ זיך צום הימעל געהויבען,
אַזוי ווי מיר וואָלטען די מענשהייט באַגליקט.

מיר האָבען דאָך אַלע געגלויבט אַז דאָס וועלטעל
לעבט בלויז אין דעם זכות פון דעם קינסטלער, פּאָעט,
אַז שאַפען איז עיקר און שענקייט דער תכלית,
און אָפּט ווענען דעם אויך גע'פלפול'ט, גערעדט?

נאָר איצט ליגט אין בושה דער חלום דער ווייטער,
און אַלט זיינען מיר שוין, ענטוישט און אויך מיד,
ווייל העכער פון ליבשאַפט, פון שכל, רחמנות,
קלינגט אַלץ נאָך פון בלוט און פון צאָרן דאָס ליד.

געחלומ׳ט חלומות פון פרעכטיגע צייטען,
ווען מענש וועט זיין געטליך, ווען מענש וועט זיין פריי,
נאָר איצט קוקט מען אָן זיך אין חרפּה׳דיג שווייגען,
אַזוי ווי אבלים אין זעלביגען וויי.

און אפשר וועט עמיץ אין מאָרגען דעם ווייטען
דערמאָנען מיט שבחים די איצטיגע טעג,
און אויך יענע דיכטער, וואָס האָבען מיט גלויבען
געטרייסט און באַלויכטען דעם פינסטערען וועג.

עס קען דאָך אויך זיין אַז די דורות פון עבר,
די מענשען פון לאַנג שוין פאַרגאַנגענער צייט,
זיי האָבען ווי מיר אין זייער ווייטאָג געחלומ׳ט,
אַז ליבשאַפט וועט זיין אויף דער וועלט נאָך פאַרשפּרייט.

אָן אייביגער זיג־זאַג פון שטייגען און פאַלען,
פון גייסטיגען אויפשוואונג און זינקען אין זינד,
כדי אויף דאָס ניי שוין צו האָפען און גלויבען,
אַז ס׳וועט נאָך זיין אַנדערש ווי ס׳איז דער אַצינד.

---

נאָר זייט מיר איצט מוחל, רבותי, ווייטשעפּעל,
וואָס איך האָב צעוויינט זיך מיט אייער געוויין
צום יאָרצייט ביים קדיש פון אונזערע העלדען,
געשטאָרבען אין קאַמף פאַר זייער פאָלק בלויז אַליין.

נעמט אויך ניט פאַר אומגוט און זייט ניט צו׳ברוגז׳ט
וואָס איך בין אַוועק פון מיין שטייגער און גאַנג,
און גלויבט מיר, בלי נדר, אַז קומענדען זונטאָג,
וועט איר ווידער הערען מיין זאָרגלאָז געזאַנג.

11-3-1945

# לכבוד פרילינג

הקיצור, רבותי, אַט זעהן מיר זיך ווידער,
מיט האָפנונג און טענער אין פרישקייט באַגייט,
ווייל ערגעץ שוין פלאַטערט די טויב פון נח׳ס תיבה
צו ברענגען אונז בשורות, אַז ס׳מבול פאַרגייט.

צו ברענגען אונז בשורות, אַז שלעכטס וועט פאַרשווינדען,
עס רינט אָב דער בלוטיגער ים אין אַ תהום,
און ערגעץ האָט זיך שוין אַ בלעטעל באַוויזען,
צוגרינט און צובליט אויף דעם שפּיץ פון אַ בוים.

נאָר וואויל וועט אונז זיין, ווען דאָס טייבעל דאָס ליבע
וועט ס׳צווייטע מאָל מער שוין ניט קומען צוריק,
און פליען זיך פריי צווישען ערד און דעם הימעל
אָהן שרעק פאַר די באָמבעס און ראָקעטס-מוזיק.

דערווייל האָט זיך שוין דער בטחון צוליכטען,
און פּונקט ווי דער פרילינג אַ גרוס אונז געבראַכט,
אַז באַלד וועט די ערד זיך אין גרינקייט באַקליידען,
מיט יוגענד געבוירען פון פרייד און פון פּראַכט.

און ניט בלויז דאָס יונגוואַרג, נאָר אויך מיר זקנים,
באַהויכט און באַהערשט פון דעם זעלבען געפיל,
אויך מיר וועלען ווערען ווי קינדער פאַר׳חלום׳ט
ביים אָנבליק פון אייביג פאַר׳כישוף׳טען שפּיל.

ווייל שטיל וועט די לופט זיין און מילד אירע ווינטלעך
אין טעג ווי געטובל׳ט אין ליכטיגסטען שיין,
און ס׳וועט אויך די נאַכט אירע סודות צומורמלען
מיט ליפּען מיט הייסע אין וועלטעל אריין.

אזוי, אַט אַזוי האָב איך מיך אַלץ באַגייסטערט,
ווען ס'האָט זיך די זון אויף ווייטשעפּעל צושיינט,
און ווען ניט מיין ציפּע וואָלט איך מיך צופּרילינגט,
אַז איר וואָלט מיך זיכער דערקענט מער ניט היינט.

איך וואָלט אפשר אויך מיך דערהויבען ווי טויבש
מיט שירים געמישטע פון צרות און שבת,
צי גאָר זיך צוזונגען אויף אַלע לשונות,
אַזוי, אַז ס'וואָלט קיינער פאַרשטאַנען מיין שפּראַך.

נאָר גיי, זיי אַ דיכטער, און זינג וועגען פרילינג,
מיט זיידענע ווערטער געקליבען, געבויט,
ווען ציפּע, מיין ווייבעל, זוכט תמיד אַ תכלית
און זעט אַלץ אין קונסט לשם קונסט ניט קיין ברויט.

האָב איך מיך געזעגענט, געקושט די מזוזה,
און בין מיר גאַנץ פּשוט אַוועק פון דעם הויז,
אַבי זאָל מיין זיווג ניט האָבען קיין טענות,
אַז ס'שעפּט זיך „מיין ווינקעל" אין גאַנצען שוין אויס.

שלעפּ איך מיך דורך געסלעך אין איינזאַם פאַרוויסטע,
נאָר אויך איבער זיי ליגט די זון ווי צוגליט,
און גלעט מיט רחמנות די חורבות די שטומע,
וואו לעבען אַמאָל האָט געלעבט און געבליט.

נאָר פּלוצלינג דערהער איך: גוט־מאָרגען, ר' למך,
און איך וועק מיך אויף פון מיין שווערען געדאַנק,
מען זעט אייך שוין זעלטען אין איסט ענד בית ציון,
און וואו איז אַ איד דאָס געוועז אַזוי לאַנג?

האָב איך מיך דערפרייט מיט מיין פריינד ברוך גאָלדמאַן,
אַ מענש שוין אַזוי ווי אַ זקן בּמעט,
מיט אויגען נאָך יונגע און פּנים צורויטעלט,
ווי ער וואָלט קיין דאגות גאָר קיינמאָל געהאַט.

וואָס מאַכט חבר מארקס, און וואָס מאַכט אברהם גאָלדשטיין,
די בית ציון זיילען, די ציגעל און ליים,
צי חלום׳ט איר אַלץ נאָך אַ בנין צו שאַפען,
וואָס זאָל דאָ פאַר אונז זיין אַן אמת׳ע היים?

איך האָב אים געפרעגט אויך אויף קופער, פּוגאַטשאָוו,
און אַנדערע פעאיגע נאָך יונגע לייט,
האָט ער זיך מיט שמחה צושמייכעלט, געענטפערט,
אַז ס׳וועט נאָך אַ היים זיין נאָר אַלץ מיט דער צייט.

טאָ זייט שוין און האָט מיר, און ווייטער געגאַנגען,
נאָר איצט איז מיין שטימונג שוין אַנדערש געווען,
ווען ס׳האָט די בית ציון נאָך אַלעם אמונה,
קען טאַקע דער נס מיט אַ היים נאָך געשען.

איצט גיי איך אַ טאַפּ טון דעם דופק פון עולם
און נעמען אַ צענזוס אין ערנסט און שפּאַס,
ווער ס׳איז פון דער אַלטער גוואַרדיע פאַרבליבעז
און איז נאָך אַלץ טעטיק ביי אונז אויף דער גאַס.

דערפאַר זייט מיר מוחל, וואָס כ׳וועל אייך פאַרשלעפּען
צו כל׳ערליי מינים געזעלשאַפטען דאָ;
נישקשה, איר מעגט זיך מיט זיי אויך באַקענען,
און אסור אויב דאָס וועט אייך שטערען די רו.

איר זעט־דאָך אַליין ווי איך גיי מיר געלאַסען,
און לויף ניט און אייל ניט משוגע און ווילד,
ווייל איך וויל אייך ווייזען לכבוד הפּרילינג
די מענשען און טוער אין בולט׳סטען בילד.

און חוץ דעם מעג איך זיי אויך מאַכען אונשטערבלעך
אין ווינקעל געווידמעט ספּעציעל פאַר דעם צוועק,
ווייל יעדער פון זיי איז דאָך איינפאַך אַ גבור
צו שטיין אין דער אַרבייט און אַלץ ניט אַוועק.

און ווייל ס׳ליגט דער ארבייטער רינג דאָ אמנאַנטססטען,
ממש א שפּאַן איז פון דאַנען נאָר בלויז,
טאָ לאָמיר, זייט מוחל, אהינצו פאַרפאָרען
און זען ווי עס לעבט זיך אין אַלט סערקל הויז.

נאָר ברוך השם וואָס די טיר איז נאָך אָפען,
און ס׳טומעלט און קאָכט זיך, אַרוים און אַריין,
עס זאָגט מיר דאָרט ליווער אַ ברייטען גוט־מאָרגען,
נאָר קראַמער זעט אוים אַזאַ בייזער צו זיין.

בלויז וויינער דער זיידע און אפשר נאָך העכער,
באַגריסט מיך שוין חבר׳יש און דריקט מיר די האַנד,
ווייל מיר קענען זיך שוין זינט יאָרען קדמונים,
און זיינען ביי מיטינגס געווען אָפט ביינאַנד

און אָט האָט איר אויך דאָרט סעם דרין ביי דעם טישעל
פאַרטיפט מיט אַ חבר אין עפּעס אַ זאַך,
עס אַרבייטען הענד און עס בליצען די אויגען
און דאָס זאָגט נאָך אָפטמאָל פיל מער ווי זייער שפּראַך.

נאָר זעט ווי דאָס פּנים פון דרין איז פאַרעלטערט,
זיין שטערען מיט פּיטשינקע קנייטשלעך באַצירט,
עס איז בלויז די יוגענד אין בליק אים פאַרבליבען,
די מעטיגע יוגענד וואָס אַרבייט און פירט.

ווייל וואו נאָר אַ ציל פאַר דעם וואוילשטאַנד פון מענשען,
דאָרט האָט ער גאָר שטאַרק זיך באַשעפטיגט, געמיט,
נאָר איצט האָט מען אויך שוין זיין יובל געפייערט
פאַר פערציג יאָר אַרבייט ניט ווערענדיג מיד.

נאָר אָט זיצט דאָרט אויך ביי זיין טישעל ר׳ בעלקין
(איך האָב אייך מיט אים שוין פון פריער באַקענט),
דאָס איז שוין אַ מענש פון אַן אַנדערער שולע,
וואו ער האָט זיין שטייגער פון לעבען געלערנט.

עס גלאַנצט אין זיין בליק אַ מין בענקשאַפט פאַר חסידות,
אַ בענקשאַפט נאָך פּרץ'ס מקובלים און וועלט,
וואו גייסט איז אָפט גובר די גלוסטונג פון חומר,
און טראָגט זיך אין עולמות פון שכינה באַהעלט.

עס האָט בלויז זיין גורל געמאַכט פון אים חוזק
און אַנשטאָט די בינע דערלאַנגט אים די זעג,
דאָך שטייט ער נאָך פעסט אין זיין גייסט ווי פאַרפאַנצערט,
און קיין זאַך שלעפּט אים ניט אַראָפּ פון זיין וועג.

אוז אָט איז מ. מינדעל, יאָ, דאָרט מיט באַגנאַרי,
איר קענט גאָרניט מינדלען? וואָס טויג אייך דער שפּאַס?
ער איז דאָך פון יענע די גרינדער די ערשטע
פון ארבייטער רינג אויף דער אידישער גאַס.

ס'איז אמת, ער זעט אויך שוין אויס ווי אַ זקן,
אַזוי ווי מיר אַלע, די לעצטע פון דור,
וואָס האָבען געקעמפט פאַר אַ צוקונפט פון פרייהייט,
און קוים, קוים דערגרייכט צו אַ קאָפּ גרויע האָר.

ער רעדט דאָך גאָר אָפט אויך פון קולטור ביי אידען
און אַנדערע טעמעס פאַר מיטינגען פּיל,
און חלום'ט נאָך אַלעס פון שענערע וועלטען,
פון רעכט און פון יושר אַלס אויסדרוק פון ציל.

ער שרייבט אויך אַרטיקלען אַזוי ווי ר' בעלקין,
ווי נאָר ס'רוקט אַ יומא דפגרא זיך אָן,
נאָר באַלד ווערט ער ווידער פאַר יאָרען אַנטשוויגען,
ווי ס'וואָלט מער קיין זאַך ניט געוועזען צו טון.

עס איז אויך באַגנאַרי אַ איד גאָר אַ ליבער,
אויך ער שפּילט אַ ראָלע אין אַרבייטער רינג,
און רעדט ער, צוגיסט זיך זיין פּנים אין שמייכלען,
און אפשר דערפאַר וואָס ער איז אַלץ נאָך יונג.

נאָר שווער צו דערגיין וואָס ער דענקט איבער פראגען: —
דאַגעגען, צי מסכים, צי פשוט נייטראַל,
אַז ס'איז בלויז זיין פּנים פאַראיידעלט, צושמייכעלט,
אפילו ביי טעמעס פון צרות הכלל.

עס זיינען פאַראַן נאָך גדולים דאָרט גרויסע,
אַזוי ווי אין ראַסעל סטריט שעפּלער און בוים,
נאָר זיי לאָז איך איבער, בלי נדר, אויף שפּעטער,
ווייל איצט פעלט „מיין ווינקעל" שוין אויס לעבענס־רוים.

זייט מוחל, רבותי, אויב כ'האָב מיך פאַרזינדיגט,
און היינט אייך פאַרנודיעט מיט גאַס, מענש און זון,
ווייל אויך אַזאַ איד ווי אייער חבר ר' למך,
קען רעדען פון היץ, ווען דער פרילינג קומט אָן.
18-3-1945

---

## ערב פּסח

הכלל, עס ווערט פרייליך ביי אונז אין ווייטשעפּעל,
עס קלאַפּט די ערוואַרטונג שוין אויך אין מיין טיר,
אַז באַלד וועט זיין פרילינג, אַז באַלד וועט זיין יום־טוב,
און פול וועט אַלץ ווערען מיט פרייד אָהן אַ שיעור.

נאָר וואָס טויג זיך קלוגען און מאַכען אַן אָנשטעל,
אַז מיר איז גאָר לייכט איצט צו שרייבען פאַר אייך,
ווען ס'איז בלויז דער פּסח אַ סימבאָל פאַרבליבען
פאַר מענשען אין קנעכטשאַפט און צרות בלויז רייך.

ווייל וואָס מיינט דען חירות, וואָס איז איר באַדייטונג
אין צייטען אין בייזע געפרווירען און קאַלט,
אַז בלויז אין דעם עבר אין ווייטען פאַרגאַנגען
איז מעגלעך געווען נאָר דאָס פרייהייטס געשטאַלט.

אַז בלויז אין דעם עבר האָט מענש נאָך באַגריפּען,
אַז לעבען מיינט פריי זיין, פון קיינעם געשטערט,
ווייל גרוים איז די וועלט דאָך פאַר אַלע מין פעלקער,
און שפּייז האָט פאַר אַלע גענוג אויף די ערד.

נאָר וואָס דאַרף איך פּלפּול'ן און ווער דאַרף מיין חכמה
געדרייט פילאָזאָפיש אהער און אהין,
אַז איך וועל שוין אַנדערש דאָס לעבען ניט מאַכען,
און ס'האָט אויך מיין ערנסט פאַר קיינעם קיין זין.

ווייל ס'וויל דאָך די גאַס דאָ אַלס פּאַיאַץ מיך הערען,
לויט סדר היום און לויט סדר הצייט,
און אויב ס'איז בדיקת החמץ געקומען,
זאָל איך זיי דערציילען וואָס אַלעם באַדייט.

כאָטש דאָס איז אַן ענין פאַר מיר גאָר אַ האַרבער,
וואָס פאָדערט קאָנטראָל אויף מיין וואָרט און מיין פען,
ווייל ס'איז דאָך בדיקת החמץ געפערליך,
און כ'קען נאָך חלילה אַ שמץ פאַרזען.

האָב איך מיך צו'עצה'ט מיט ציפּע'ן זאָל לעבען,
מיט וואָס אויסצופילען „מיין ווינקעל" פאַר היינט,
ווייל ס'זוכט שוין באַלד עולם גדולים חסרונות
אין אמת'ן אמת, וואָס יעדער האָט פיינט.

זייי מיינען דאָך טאַקע אַז ס'איז מיין כוונה
צו שרייבען נאָר קריטיק און קיין זאַך ניט מער,
צו זען בלויז דאָס פּנים דאָס מיאוס'ע ביי אַלע,
און לאַכען פון אַלעם וואָס כ'זעה און איך הער.

זיי ווילען ניט וויסען אַז אויך אין מיין קיבעץ
באַהאַלט זיך די ליבשאַפט צו אַלע געטריי,
און ווען איך מאַך חוזק פון אייגענע ברידער
איז פול אויך דער חוזק מיט גאַל און מיט וויי.

ווייל כ'זוך דאָך בלויז שיינקייט ביי אונז אין ווייטשעפּעל,
און ניט קיין צוקריפּלונג, אַבי לאָז געמאַך,
נאָר פירערס וואָס זאָלען זיך ווירקליך פאַרטראַכטען,
און דאָס איז דאָך זיכער פאַרלאַנגט ניט קיין סך.

און קומט ווען אַ יום־טוב, זאָל טאַקע זיין יום־טוב
מיט אַלע כלי פראַכטען אַזוי ווי אַמאָל,
ווייל אַנשטאָט „פּאַסאָווער" איז פסח דאָך ליבער,
און אפשר אויך נענטער צום הארץ פון ישראל.

נישקשה, עס וועט דאָך קיין שלעכטס ניט פּאַסירען,
ווען ס'וועט אונזער אויסזען מער אידישלעך זיין,
ווייל לעבען לויט אַלע עשרת הדברות,
דאָס מאָנט די געשיכטע פון אונז אויך אַליין.

און טאַקע פאַרוואָס און פאַר־וועז זיך פאַר'מיאוס'ן,
צוקריפּלען דאָס שענסטע אין אַנזער פאַרמעג,
ווען מיר זיינען פאָרט אַלץ אַ פאָלק נאָך פאַרבליבען,
און קוקען אין פאָראויס צו העלערע טעג.

מיר זיינען דאָך אַלט שוין, ניט נעכטען געבוירען,
געליטען, געבלוטיגט אין שמאַך און אין שאַנד,
און דאָס וואָס געווען, און עס איז און וועט זיין ערשט
איז אונז שוין זינט דורות קדמונים באַקאַנט.

טאָ וואָס איז די בושה צו לעבען ווי אידען,
ניט נאָכקרומען קיינעם אין וואָרט און אין טאַט,
אַזוי ווי מיר וואָלטען געוועזן בלויז ווי מאַלפּעס,
און קיינמאָל קיין אייגענע תורה געהאַט.

אַזוי האָב איך אַלץ צו מיין ווייבעל גע'טענה'ט,
געזוכט אין דעם פּלאָנטער־געדראַנקען אַ שליאַך,
דעם עולם צו קיצלען און מאַכען אים לאַכען,
און קיינעם ניט ווייטון דורך שפּאַס אין מיין שפּראַך.

נאָר דאָ איז שוין ציפּע אַרוים פון די כלים,
און הויך אויף דעם קול זיך צושריען אויף מיר,
וואָס איך רעד אַ לשון אַזוי ווי אַ בעטלער,
וואָס בעט אַ נדבה און רחמים ביי איר.

עס האָט איר פאַרדראָסען מיין טאָן פון מחילה
מיין שוואַכקייט צו זאָגען גאַנץ אָפען וואָס כ׳דענק,
ניט אַנדערש פון מיר איז אַ תל שוין געוואָרען,
און אפשר שוין איז דאָס ביי מיר אַזאַ קרענק.

איר עצה איז בלויז אַז כ׳זאָל ווערען אַ גיבור,
אַזוי ווי פאַרצייטען מיט זונטאָגס צוריק,
און טאַקע לכבוד דעם יום־טוב פון פרייהייט
אויפהויבען אָהן שרעק מיין ווייט-זעהענדען בליק.

זי האָט מיך געראַטען צו זיין אַ דיקטאַטאָר,
און מאַכען אַ „פּערדזש״ אין ווייטשעפּעל ביי אונז,
אבי זאָל דער עולם ניט מיינען אַז למך
האָט אויך שוין פאַרגעסען די רייניגונגס־קונץ.

און זעה איך אַן עוולה, זאָל איך ניט פאַרשווייגען,
נאָר זאָגען דעם נאַקעטען אמת און שוין,
און וועט עמיץ סטראַשען נקמה צו נעמען,
בין איך דאָך אַ מאַן און אַ שטאַרקער פאַרשוין.

הקיצור זי וויל, אַז לטובת הפּסח
זאָל איך מיך צום חמץ פאַרמעסטען אצינד,
און נעמען אַ פלעדערוויש לאַנג ווי דער גלות
צו שאַרען און וואַרפען אין פייער די זינד.

נאָר ציפּע׳ן איז לייכט מיר צו געבען די עצות,
ווייל זי ווייסט דאָך טאַקע קיין זאַך ניט אויף קלאָר,
אַז אָבגעטיילט ליגט בלויז דער המיץ פון כשרות
אין גרויסע מחיצות די ברייט פון אַ האָר.

טאָ גיי, זיי אַ בריה, אַז אַלץ איז פאַר׳חמץ׳ט,
פון חינוך ביז פוטבאָל, פון צדקה ביז „בעטס“,
אַז פון דעם ווייטשעפּעלער גוטסקייט און פרומקייט,
ווינקט אויך דאָרט אַרויס אָפט אַן אויגעל אַ שלעכטס.

עס איז דאָך דער עיקר דער סטעמפּעל פון הכשר
אויף קוילען צו הייצען, אויף וואַסער און זאַלץ,
אויף פעפער, אויף אייער, אויף ציבעלעס, רעטעך,
מיט איין וואָרט, הכשרים, הכשרים אויף אַלץ.

אפילו דאָס אידיש טעאַטער ווייטשעפּעל׳ס
האָט אויך אָהן אַ הכשר דעם קלענסטען ערפאָלג,
ביז וואַנען אַן ענגלישע צייטונג שרייבט כשר,
און דאַן ערשט זאָגט אמן די מאַסע פון פאָלק.

דאָס זעלבע איז אויך דאָך מיט אונזערע גאונים,
וואָס זיינען אונז פרעמד ביז די וועלט מאַכט זיי גרויס,
און דאַמאָלט ערשט ווערען מיר שטאָלץ און דערהויבען,
וואָס זיי שטאַמען אָב פון אַ אידישען הויז.

הקיצור, מיר לעבען אַזוי ווי עס לעבט זיך
אין זכות פון הכשרים פון שונאים און פריינט,
און זעהן אָפט אַליין ניט ווי אונטער דעם אַקסעל
שפּעט אימיצער נאָך וואָס מיר האָבען זיך פיינט.

נו, גיי און קלויב אויף אַלע ברעקלעך פון חמץ,
אַזוי ווי מיין ציפּע פאַרלאַנגט און זי וויל,
אַז טויזענדער למך׳ס מיט שמשון׳ס גבורה,
אויך זיי וואָלטען קיינמאָל דערגרייכט צו דעם ציל.

איר שפּילט זיך אַ ביסעל מיט מלכות הגלות,
וואָס שפּרינגט בלויז זיין קדוש פאַר פרעמדע אַליין,
און אָפט אויך פאַר אייגענע־פרעמדע יאַהודים,
וואָס קומען אַמאָל קיין ווייטשעפּעל צו גיין.

טאָ וואו הויבט מען אָן מיין בדיקת החמץ,
מיט פּלעדערוויש, קאָך־לעפעל שוין אין מיין האנד,
ווען ס׳קוקט מיר אין פּנים דער יום־טוב פון חירות
און מאָנט אויך א הכשר אין ווייטשעפּעל׳ס לאַנד.

נאָר וואָס קען איך טענה׳ן און זאָגען מיין זיווג,
ווען קיינער האָט מיך ניט אפילו געהערט,
ווייל העכער פון אַלץ איז דער סטעמפּעל פון הכשר
וואָס האָט פאַר דעם עולם די איינציגע ווערט.

אַז איך אויך אַליין מיט „מיין ווינקעל“ בתוכם,
בין אָפּט ווי א כלי פאַר׳חמץ׳ט שוין לאַנג,
מיט שפּאָס און מיט וויצען ווי מצות פאַרדאַרטע
אָהן זאַלץ און אָהן טעם, און אָהן תוכן און קלאַנג.

דערפאַר זייט מיר מוחל וואָס איך האָב דעם אמת
אַרום אונזער חמץ פאַר׳רמז׳ט, פאַרשטעלט,
ווייל, אולי ירחם, וועט אַנדערש נאָך ווערען
אמאָל אין דער צוקונפט די אידישע וועלט.

דערווייל זייט און האָט מיר א פריילעכען ערב,
מיט אמת׳ער פרייהייט און שלום צוריק,
אַזוי ווי עס ווינשט אייך אייער למך השני,
א כשר׳ן יום-טוב פון רוהע און פון גליק.

25-3-1945

---

## קשיות

מה נשתנה, זאָג מיר, זיידע, עפּעס איז פאַר מיר דאָ קשה,
ווי עס קומט אין דער הגדה נעבען חכם אויך א רשע,
מיט אַן אינו יודע לשאול און א תם א באָנצע שווייג,
אַז זיי זיינען פאָרט די בנים פון דעם זעלבען בוים און צווייג?

און ווי קומט עס וואָס דער חכם האָט ניט קיינמאָל צו דער זאַט,
נאָר דער רשע לעבט אין וואוילטאָג ווי ער וואָלט די וועלט געהאַט,
און דער אינו יודע לשאול נעמט פאַרליב אַלץ וואָס ער האָט,
און דער תם שווייגט אויך געהאָרכזאַם ווי אַ מענש באַשטראָפט פון גאָט?

אָט די אַלע אַלטע קשיות פרעגט מיך דוד׳ל שוין לאַנג,
ווי נאָר כ׳זעץ מיך פראַווען סדר מיט כל־דכפין׳דיק געזאַנג,
ווייל ער וויל דאָך אַלעס וויסען, אַלעס פאַרשטיין,
און צי וועט אויך קיינמאָל, קיינמאָל אַנדערש שוין די וועלט ניט זיין?

ענטפער איך דעם אַלטען תירוץ פון עבדים, ווי ס׳געהער,
מאַכט מיין אייניקעל שוין ליפּלעך, ווייל ער האָט נאָך קשיות מער,
קוק איך אָן דעם קליינעם גזלן, וואָס פאַרנודיעט מיך אָהן שיעור,
זאָג איך, פרעג, נאָר מאַך עס גיכער, ווייל די נאַכט וואַרט ניט אויף מיר.

האָט זיך דוד׳ל צושמייכעלט ווי ער וואָלט אין קאַמף געזיגט,
און צושטראָמט אַ טייך מיט קשיות ווי אין ים אַ שטורעם צעוויגט,
און די שיינע אויגלעך זיינע, ווי דער תכלת הימעל בלוי,
האָבען זיך אין ליכט צושימערט, און ער האָט געפרעגט אַזוי:

מה נשתנה, ווי כאַרענדערט איז דער טאָג פון אַלע טעג,
גייסט אַרום און זוכסט אַ תכלית נאָר דו זעסט אַלץ ניט קיין וועג,
אַז דער מענש איז שלעכט געוואָרען, קריג און מאָרד איז זיין געבאָט,
ווערט אויך פרעמד דער זין פון טוגענד און דער שליאַך וואָס פירט צו גאָט.

מה נשתנה, ווי פאַרענדערט איז די נאַכט פון אַלע נעכט,
אַז די פרייהייט ליגט אין תפיסה שווייגט דער יושר ווי אַ קנעכט,
איז די וואַנט אַ ריזיג שטאַרקע, און די האַנט ווי מאַכטלאָז שוואַך,
ווערט דער גייסט פון ׳שקלאַף געהאָנגען אויף אַ שטריק פון ראָטהויז־דאַך.

מה נשתנה, ווי געענדערט איז דער שכל פון אַמאָל,
אַז דער נאַר וואוינט אויף די בערגער און דער חכם ענג אין טאָל,
אַז דער שוטה איז דער הערשער און דער רשע זיין געווער,
זאָלט די מאַסע פאַר אים כורעים, און פאַרלאַנגט שוין גאָרניט מער

נאָר פֿאַרוואָס זאָל מענש זיך שעכטען, פֿאַר אַ נוצען ברענג דאָס זיי,
אויפֿצובויען און צושטערען, און ניט קיינמאָל ווערען פֿריי?
פֿעלט דען שפֿע און עשירות, איז די ערד ניט רייך גענוג
פֿאַר די קורצע טעג פֿון לעבען צו דעם קבר פֿון דער וויג?

טאָ פֿאַרוואָס דער גאַנצער טומעל פֿון מלחמות, פֿיינדשאַפֿט, כעס,
ווען בלויז ליבע מאַכט דיך מענשליך, און אַ חיה מאַכט דיך האַס,
און פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס, אוי זיידע, איז אַלץ תמיד פֿונקט פֿאַרקערט,
אַז אַנשטאָט צו זיין גן־עדן איז גיהנם בלויז די ערד?

מה נשתנה, ווי פֿאַרענדערט איז אויך איצט דאָס עם ישׂראל,
פֿרעמד צו זיך און זיינע צילען, און ניט מער שוין ווי אַמאָל,
ווייל דאָס אחדות איז צוריסען, יעדער ציט זיך אַנדערש וואו,
און נאָר גרופּען און יחידים פֿילען בלויז די גורל שעה?

אפֿשר בלויז ווייל ס'פֿעלט אַ משה מיט אַ וואָרט ווי פֿייער שטאַרק,
אַז ער זאָל מיט קראַפֿט דערהויבען איבער קאָפּ פֿון פֿאָלק אַ באַרג:
ווילט איר פֿריי זיין, ווילט איר לעבען, לאָזט מצרים הינטער זיך,
און אויב ניט וועל איך צומאָלען אייך אויף שטויב און אַש אויף גיך?

האָבען וועניג מיר געליטען אין דעם חורבן פֿון אַצינד,
אַז מיר זאָלען אַלץ נאָך בלייבען אידען שטום און אידען בלינד,
און זיך טוליען אַלץ צו פֿרעמדע, וואַרטען אויף זייער חסד בלויז,
אַז זיי זאָלען אונז ניט טרייבען ווי שרצים פֿון זייער הויז?

זאָג מיר, זיידע למך, ליבער, וואָס וועט טאַקע פֿאָרט נאָך זיין,
און פֿאַרוואָס דאָס עם הספֿר זאָל גאָר קיינמאָל ניט פֿאַרשטיין,
אַז דער גלות איז אַ דירה אָהן אַ פֿענסטער, דאַך און טיר,
און דער חסד פֿון די אומות שליידערט שטיינער אָפֿט אין איר?

מה נשתנה, ווי פֿאַרענדערט איז דער גייסט פֿון אונזער פֿאָלק,
אַז ביי אונז דאָ אין ווייטשעפּעל האָט די דומהייט בלויז ערפֿאָלג,
און אַ מענש ווי דו ביזט, למך, ווערט פֿון קיינעם אַנערקענט
ווייל דער עיקר איז גבאות מיט אַ בייטעל אין די הענט.

אַז אפילו די כּלי־קודש מיט די „ראַביים“ גאָר אַ סך
שעמען אויך זיך מיט דער מאַסע, וואָס רעדט אויף אַ „פּאָרעין“ שפּראַך,
און דערפֿאַר איז טאַקע צרות, אַלץ צומישט, צוקרימט, פֿאַרדרייט,
אַז דאָ וועט שוין גאָרניט העלפֿען אויך דער רופא פון דער צייט.

פֿאָלג מיך, זיידע, מאַך דיין פּעקעל און פֿאַרלאָז ווייטשעפּעל פּאָרט,
ווייל איך זעה דאָ ניט קיין צוקונפט פֿאַר דיין וואַריב אידיש וואָרט,
אַזן פֿאָהר ליבערשט אָב קיין העקני, אָדער ווייט קיין גאָלדערס גרין,
אפשר וועט דיר דאָס שלים־מזל מער ניט נאָכגיין דאָרט אַהין.

מה נשתנה, ווי פאַרענדערט איז אויך באָבע ציפּע היינט,
אַז איר פּנים ווי אַ מלכּה האָט זיך פּשוט איצט צושיינט,
וואָס־זשע טאַקע איז מיט באָבע פּלוצלינג אַזוי גיך געשען,
האָט זי זיך דערמאָנט זכרונות וואָס עס איז אַמאָל געווען?

אָדער האָט ערוואַכט איר ליבשאַפט צו דיר, זיידע למך, איצט
און דערפֿאַר איז באָבע ציפּע מאַיעסטעטיש אויסגעפּיצט,
אַזן איר חלום׳ט זיך חלומות פון אַ ווייטער סדר נאַכט,
ווען זי האָט פּונקט ווי שולמית גליקליך יונג צו דיר געלאַכט?

שאַ, דו קליינער פּרינץ, בעל חוצפּה, האָב איך אַ געשריי געטון,
שוין גענוג צו פרעגען קשיות, ווייל איך הויב מיין ענטפער אָן,
אַז עבדים, קנעכט געוועזען זיינען מיר אין מצרי׳ס לאַנד,
און צו פרייהייט זיך געצויגען, דורך אַ מדבר אונבאַקאַנט.

ביז נאָך קאַמף פון פערציג יאָרען האָבען מיר דערגרייכט דעם ציל,
אָנגעצייגט פון גאָט יתברך מיט געזאַנג און פרייד געפיל,
און ערשט דאָרט געבויט אַ לעבען האָט דאָס פאָלק זיך זאָרגלאָז, פריי,
פול מיט שמיטות, יובל׳ס, יושר אויך פאַר קנעכט צווישען זיי.

און וואָס מער איך האָב געשילדערט אַלטע נסים אין זייער פּראַכט,
האָבען דוד׳ס בלויע אויגלעך לאַנגזאַם, לאַנגזאַם זיך פאַרמאַכט,
און מיט פליגעל פון דמיונות ערגעץ, ערגעץ ווייט געשוועבט,
האָט דאָס קליינע ליבע פּרינץ׳ל אויף דעם עבר אויפגעלעבט.

מיט חד גדיא, ציגעל, ציגעל, בין איך אויך שוין מיד געוועז,
און ווי דוד'ל גע'חלום'ט, אַז ס'וועט נסים נאָך געשעז,
און דאָס פאָלק צושפּרייט אין גלות וועט נאָך ווידער גליקליך זיין
אין דער אַלטער היים פון עבר ביז אין עתיד ווייט אַריין.
27-3-1945

---

# חול המועד געדאנקען

אַז ס'איז חול המועד אין דעם יום־טוב־דערוואָכען,
זיץ איך מיר פאַרנודיעט מיט ציפּע'ן אין הויז,
כאָטש מיר בענקט זיך שרעקליך צו גיין און צו לויפען,
אַזוי ווי מיין טבע, גאַס איין און גאַס אויס.

נאָר גיי און לאָז איבער די נעכטיגע מלכה
אַליין אין דער שטוב פאַר די צרות און שלעק,
וועט זי דאָך אויפ'ס־ניי שוין פאַרדעכטיגען, מיינען,
אַז איך בין אין פאָלקס הויז איצט ווידער אַוועק.

און וואָלט כאָטש אויף אורלויב מיין סיביל געקומען,
מיין עני און פעני (געדענקט איר זיי נאָך?),
וואָלט אפשר דער פּסח געוועזן צו דערליידען,
מיט רעש און געפּילדער אַ פרייליכע וואָך.

איז אָבער מיין סיביל אַלס נערס שוין אין דייטשלאַנד,
און עני אַ סאַרזשענט אין א.ט.ס. לאַנג,
און פעניל'ע אַרבייט אין ענסאַ פאַר מרופען,
און נעמט דאָרט גאָר שטאַרק אויס מיט וויץ און געזאַנג.

איר שפּילט זיך אַ ביסעל מיט פעני מיין טאָכטער,
געראָטען אינגאַנצען אין טאַטען אַריין,
און זאָגט זי אַ וויץ דאַן צולאַכט זיך דער עולם,
און שטיקט זיך אַזוי כאָטש פאַרגיי אין געוויין.

און ענִי, זי איז דאָך אַ מיידעל אַ בריה,
באַערט שוין געוואָרען פאַר העלדישען טאַט,
ווייל זי האָט אין צייטען פון גרעסטער סכנה
דאָס קלענסטע פּחדנות פאַר טויט ניט געהאַט.

און סיביל, מיין ליבלינג, די קרוין פון די טעכטער,
עס מאַכט דאָך איר האַרציגער שמייכעל געזינד,
און רירט זי זיך צו צו אַ חולה מסוכן,
דאַן ווערט ער געהיילט ווי דורך כּישוף געשווינד.

ווייל ס'איז דאָך איר בליק אַזאַ מין פעניציליאַן,
און וואונדען פאַרשוואונדען, אַנטלויפען פאַר איר,
אַזוי אַז סאָלדאַטען פאַרוואונדעט אין שלאַכטען,
זיי שרייבען דאָך דאַנק בריוו אפילו צו מיר.

איך זעה איר באַטראַכט מיך מיט טויזענדער שאלות,
און פרעגט מיך צי האָב איך טעכטער נאָך דריי,
טאָ מעגט איר זיך שעמען, באמת, רבותי,
וואָס איר האָט נאָך אַלץ ניט באַקענט זיך מיט זיי.

איך האָב זיי דאָך אַלע גאָר פרום און גאָר ערליך
געשילדערט אין „למך" הראשון פאַר אייך,
און איך בין דאָך שטאָלץ אויף זייער גרויס פּאַטריאָטיזם,
וואָס האָט אין דער וועלט שוין ניט מער קיין פאַרגלייך.

נאָר כ'וועל אייך צוליב טון, בלי נדר, נאָך יום־טוב,
און אַלץ אייך באַשרייבען באריכות געננוי,
ווייל איצט איז מיין קאָפּ מיט ענינים פאַרנומען,
צו רוען און שווייגען ווייל ס'גלוסט זיך אַזוי.

נישקשה, איך וועל קיין בעל חוב ניט פאַרבלייבען,
איר ווייסט דאָך פון לאַנג שוין, אַז כ'האַלט מיך ביים וואָרט,
און אפשר נאָך שטאַרקער ווי שטאַאַטסלייט באַרימטע
מיט גרויסע הבטחות, וואָס דרייען זיך פאָרט.

עס האָט זיך די זון דאָך צושיינט אויף ווייטשעפּעל,
דעם פריען נאָכמיטאָג אין שטראַלען צוצוואָגט,
האָב איך מיר דערפאַר איצט צועפענט די פענסטער,
און סתם ווי פאַר׳חלום׳ט אַרוים מיר געקוקט.

דאָ, דאָרט איז זיך רואיג געלעגען אַ חורבה,
אַ שטיק פון דער גאַס אויסגעהאַקט מיט די ציין,
און כ׳האָבען זיך ערגעץ געוואַלגערט סימנים
פון הייזלעך, געוועלבלעך, וואָס פלעגען דאָ שטיין.

אָט דאָרט אויף דעם פּלאַץ האָט געוואוינט דאָך אַ רבי,
אַ שטיבעל פאַר איסט ענדער חסידים געווען,
געפראַוועט דאָרט טישען און אויך מלוה-מלכה׳ס
מיט גרויס התלהבות און אמת׳ן ברען.

נאָר איצט איז דער רבי אַוועק שוין אין גלות,
אין קריקעלוואוד, העמפּסטעד דאָס חסידות פאַרפירט,
און מיך בלויז אַליין דאָ אינגאַנצען פאַרגעסען,
ווי ס׳וואָלט שוין דאָ מער גאָר קיין איד עקזיסטירט.

נאָר וואָס איז דער וואונדער, ער איז דאָך ניט איינער,
ווייל אַנדערע האָבען פאַרלאָזען מיך אויך,
כאָטש אָפּטמאָל פאַרבענקט זיך נאָך רבייאישע שיריים,
נאָך לאָקשען געכאַפּט מיט די הענד פון דער יויך.

און האָב איך אַזוי מיר געטראַכט די מחשבות,
האָט פּלוצלינג מיין ציפּע אַ פרעג מיך געטון,
וואָס איך שטיי נאָך אַלץ ווי אַ גולם ביים פענסטער
און טו מיר דעם פאַלטען נאָך אַלעם ניט אָן.

האָב איך אויפגעהויבען די אויגען אויף ציפּע׳ן,
און האָב זי באַטראַכט ווי פון אויבען אַראָב;
איר לבוש, נישקשה, נאָר עפּעס אַ שמאַטע
טראָגט זי ווי אַ טורבאַן פאַרדרייט אויף דעם קאָפּ.

פע, פע, מעגסט דיך שעמען, האָב איך אויסגערופען,
צי איז דאָס אַ הילוך, דאָס פּאַסט דאָך ניט דיר,
ווייל ס׳קען דאָך דער עולם, חלילה, נאָך מיינען,
אַז דו גייסט אין שמאַטעס אַרום בלויז ביי מיר!

און איצט דיינע ברעמען פאַרשמירט גאָר אין שוואַרצען,
די נעגעל, די ליפּען געפאַרבט אויך אויף רויט —
צי האָסט דו פאַרפּוצט דיך אַזוי ווי אַ ווילדע
כדי צו פאַרטרייבען מיט מיאוסקייט דעם טויט?

געוואַלד, באָבע ציפּע, צי איז דאָס אַ שטייגער,
איך קען דיך שוין טאַקע קיין האָר ניט פאַרשטיין,
איך וועל מיך דאָך פּשוט באַגראָבען פאַר חרפּה,
ווען ווייטשעפּעל וועט מיך דערזען מיט דיר גיין.

זיי וועלען דאָך מיינען, אַז כ׳בין חסר דעה,
וואָס כ׳האָב מיר אַ ווייב פון טאַהיטי געבראַכט,
נאָר אַנשטאָט צו נעמען צום הארץ זיך מיין טענה,
האָט ציפּע גאָר הויך אויף דעם קול צולאַכט.

נאָר וואָס וועל איך רעדען, איר קענט דאָך מיין ציפּע׳ן,
האָב איך שוין געשוויגען, זאָל זיין ווי זי וויל,
און פּונקט ווי אַ חכם וואָס וויל זיך ניט קריגען,
בין איך שוין פאַרבליבען געהאָרכזאַם און שטיל.

נו, גיי איך מיר שוין מיט מיין זיווג שפּאַצירען,
און ממש געאָרעמט אַ האַנד אין אַ האַנד,
קוקט עולם אויף ציפּע׳ן און הויבט מיט די אַקסלען,
זי איז דאַכט זיך יאָ אָדער גאָרניט באַקאַנט.

נאָר וואָס קימערט מיך וואָס עס טראַכט זיך ווייטשעפּעל
צי דאָס איז מיין ווייבעל כדת וכדין,
ווייל כ׳וועל זיי דאָך זיכער ניט גיין איצט דערציילען
אַז איך ווייס אַליין אויך שוין גאָרניט ווער כ׳בין.

נאָר פּלוצלינג, העלאָ, און אַ יום־טוב, אַ שמחה,
אָט דאָס איז דאָך דאָרפזאָהן, דער גדול אַליין,
וואָס האָט זיך פאַר'עושר'ט מיט „קינג לאַמפּעדוסאַ“
און שיעור, שיעור פאַרקראָכען אין פילם אויך אַריין.

וואָס מאַכט איר, וואָס הערט מען ביי אייך אין מדינה,
צי שרייבט איר אַ „שלאַגער“ אַ גרויסען אויפ'ס־ניי,
אויב יאָ האָט רחמנות געפינט מיר אַ ראָלע,
כדי פון מיין דלות צו ווערען פאָרט פריי.

קוקט דאָרפזאָהן מיך אָן מיט זיין ציכטיגען שמייכעל,
(אַ שמייכעל האָט אויך אַזאַ טבע אַמאָל),
און זאָגט מיר, אודאי, וואָס דען, און אַ שאלה,
נאָר ס'יאָגט פון זיין צוזאָג אַ קעלט ווי פון שטאָל.

און אָט איז א. מייזעלס, אַ איד ווי אַ גיבור,
וואָס חלום'ט חלומות פון דראַמע, ראָמאַן,
און מיינט, אַז חוץ שרייבען און שפּילען טעאַטער
איז מער אויף דער וועלט שוין קיין זאַך ניט פאַראַן.

כאָטש ס'איז אויך ניט שלעכט אַ מין נגיד צו ווערען,
און זיין ביי אַקטיאָרען אַ חשוב'ער גאַסט,
ווייל אָט אַזאַ ראָלע, פאַרנעם און פּאָזיציע,
וואָלט אויך מייזעלס זיכער בלי ספק געפּאַסט.

ווייל וואָס פאַר אַ תענוג איז נעבעך אַ לעבען,
אין זאָגעכץ און הערעכץ פאַרפּלאָנטערט צו שטיין,
און קיינמאָל ניט וויסען מיט וועמען צו בלייבען,
פון וועמען אַוועק און מיט וועמען צו זיין.

נו, שלום עליכם, אָט גייט דאָקטאָר שעפּלער,
ער גייט ניט, ער לויפט ווייל ער האָט ניט קיין צייט,
אַז דאָרט דאַרף מען רעדען און טאַפּען דעם דופק
צי לעבט פּועלי ציון דאָ ווי ער בלויז פאַרשטייט.

וואַרט אויס נאָר, ר׳ חבר, נאָך וואָס איז דאָס יאָגען,
אַז איך האָב מיט לויפען אויך גאָרנישט דערצילט,
ווייל ס׳איז שוין די מעשה אַן אַלטע געשיכטע
פון טעטיג געווען און די צייט אָבגעשפּילט.

נאָר גיט שוין אין איין־וועגס אַ גרוס רעוורענד ביים׳ען,
ער איז דאָך אַ רעדנער, אַ מענש אַן אַנטיק,
אַ שאָד ס׳איז זיין בערדעל אַ קמיץ אַ קליינער,
און קוים, קוים דערזעבאַר פאַר נאַקעטען בליק.

און זאָגט אים, ער מעג אויך די איסט ענד געדענקען,
און קומען אַמאָל אין אַ יובל אַהער,
אַבי זאָל דער עולם ניט פרעגען פאַר׳חידוש׳ט
אויב ווייטשעפּעל פאַסט אים שוין טאַקע ניט מער.

וואָס מאַכט אויך דער חבר יוריסט דזשיינוס כהן,
איז פול אַלץ זיין קאָפּ נאָך מיט מאמרי חז״ל,
כדי צו באַווייזען זיין שטאַרקע בקיאות,
ווען ער רעדט פאַר עולם אין ערגעץ אַ זאַל?

עס איז דאָך אַן עונג זיין ענגליש צו הערען,
מיט אידישע ווערטלעך און פשט׳לעך באַגלייט,
זיין דריי מיט דעם פינגער האָט טויזענדער טעמים,
און פול אויך מיט חכמה און טיפען באַדייט.

ער קען דאָך חוץ „לאָו“ אויך אַ בלעטעל גמרא,
און איז נאָך אין ש״ס און אין פוסקים באַקאַנט,
כאָטש דאָס איז אַליין שוין אַ נס גאָר אַ גרויסער
פאַר איינעם געבוירען כמעט דאָ אין לאַנד.

טאָ גריסט אים, זייט מוחל, פאַן דאָקטאָר ר׳ שעפלער,
ער קומט דאָך קיין ראַסעל סטריט אויך אָפט צו גיין,
און זאָגט אים, אַז למך פאַרגעסט ניט קיין אידען,
וואָס אַרבייט און לעבט ניט פאַר זיך בלויז אַליין.

איך וואָלט אייך אַ ביסעל מטריח נאָך געווען,
נאָר כ׳האָב פּשוט מורא פאַר אייך און אייער כעס.
איר קענט דאָך מיר זאָגען, איר זענט ניט קיין פּאָסטמאַן,
וואָס טראָגט אָב די גרוסען „קאָלעקטעט״ פון גאַס.

איך זעה ווי איר שמייכעלט, איי טהענק יו אדוני,
ווייל כ׳האָב וועגען מלאַווסקי׳ן דערמאָנט זיך איצט גראָד,
און אים ניט צו גרוסען וואָלט פּשוט געהייסען,
אַז איך קען קיין איינציגען איד ניט אין שטאָדט.

ווייל ס׳איז דאָך ר׳ מלאַווסקי אַ מענש אַזאַ וואוילער,
וואָס האָט נאָך אַ חוש פאַר דעם אידישען וואָרט,
אַז מיר דאַכט זיך אָפּטמאָל ער פילט זיך אַ פרעמדער
אין ציון הויז געשאַפען אין לאָנדאָנער נאָרט.

אַז אַלץ איז ווי הפקר, די יוצרות פאַרביטען,
דער מענש קאַריעריסט גיט ביי אונז דאָ דעם טאָן,
זיצט שווייגענד דער חכם ביים טיר ווי אַן עניו,
און שרייער און בלאָפער ביים טיש אויבען־אָן.

יאָ, עיקר שכחתי, כ׳האָב נאָר וואָס דערהאַלטען
מיין סיביל׳ס אַ בריוועל צו מיר אַדרעסירט,
אַ מעשה שהיה, אַ מאָדנע געשיכטע,
וואָס האָט דאָרט אין דייטשלאַנד מיט איר איצט פּאַסירט.

נאָר ס׳וויל שוין דער זעצער קיין זילבע ניט זעצען,
ער זאָגט כ׳זאָל ניט מיינען, אַז ער איז מיין קנעכט,
און טענה׳ט איך האָב שוין געַנוג היינט גענודיעט —
און אפשר, איך וויים, איז ער טאַקע גערעכט.

דערפאַר זאָג איך צו אייך באריכות דערציילען
דעם אינהאַלט פון בריוועל ערשט קומענדע וואָך,
און איר וועט אַליין זיך, רבותי, דערוויסען,
אַז וועלט איז ניט הפקר און אמת זיגט דאָך.

1-4-1945

# מיין טאכטער סיביל

הקיצור, אָט האַלט איך מיין צוזאָג, רבותי,
וואָס איך האָב פאַרשפּראָכען אייך פאָריגע וואָך,
נאָר איידער כ׳גיי איבער צום עצם הענין,
דערלויבט מיר אייך פאָרשטעלען מיין טעכטערל נאָך.

זי איז דאָך אַ מיידעל אַ כשר׳ע צנועה,
די גוטסקייט אַליין איז ניט גוט נאָך פאַר איר,
ווייל ס׳האָט דאָך איר ליבשאַפט צו מענשען קיין גרעניץ,
און אויך איר רחמנות קיין ענד און קיין שיעור.

מיט איין וואָרט, זי איז ווי געראָטען אין טאַטען,
נאָר ניט אין דעם אויסזען — חלילה וחס!
און אפשר דערפאַר איז אויך גאָרניט קיין וואונדער,
וואָס זי האָט גע׳שם׳ט אַלץ ביי אונז אויף דער גאַס.

ווייל שען איז מיין סיביל אַזוי ווי שולמית
אין אַלט שיר השירים פון שלמה׳ס געזאַנג,
דאָס דאַרף איך דאָך, דאַכט זיך, אייך מער ניט דערציילען,
ווייל איר ווייסט אַליין דאָס פון צייטען שוין לאַנג.

ווייל ווער האָט דען אויגען נאָך שוואַרצער ווי סיביל׳ס,
מיט פייער פון ליבע וואָס ברענען אין זיי,
אַ האַלז ווי אַלבאַסטער, און ליפּען ווי קאַרשען,
און הענטלעך ווי סאַמעט געפאַלענער שניי.

דערצו איז זי שלאַנק און אויך גלייך ווי אַ ווירע,
אַזוי ווי מיין ציפּע אַמאָל איז געווען,
טאָ איז דען אַ חידוש וואָס יעדער פאַרליבט זיך
ווער נאָר עס האָט סיביל אַ רגע געזען.

און איצט, אַז איר קענט שוין מיין טאָכטער, נערם סיביל,
איר חן און איר שיינקייט און אַלעם צוזאַם,
ווייל איך אייך שוין זאָגען, אַז אויך אירע בריוולעך
שיקט זי מיר אין אידיש און שרייבט זיי אין גראַם.

און אָט איז איר בריוועל און שטייגער פון שרייבען
צו מיר און מיין ציפּע'ן, גאַנץ איינפאַך און קלאָר,
אַז איך ווינש אייך אַלע, רבותי ווייטשעפּעל,
צו האָבען אויך טעכטער ווי סיביל'ס אַ פּאָר.

העלאָ, טאַטע, מאַמע (איר הערט דאָס אַ לשון!),
ווי גייט עס אייך דאָרטען ביי אונז אין איסט ענד? —
איך האָב דאָ געהערט אַ מין סלוך פון דער ווייטען,
אַז עמיץ געבעטען האָט אייך מיינע הענד.

נאָר ווער דאַרף שדכנים מיט „גרייד פּייף" חתנים,
איר מיינט דען, חלילה, מיר פעלט איצט דער מין,
ווען יעדער ערקלערט זיך צו מיר דאָ אין ליבע,
כאָטש גיי ווער אַ כלה כדת וכדין.

אַז איך ווער באַוואָרפען מיט הייראַטס „פּראָפּאָזעלס",
און ס'העלפט ניט מיין ניין מיט דעם אַקסעל אַ צי,
ווייל איך הער כסדר ווי ס'פרעגען מיך קראַנקע,
Dear sweetheart, Nurse Lemech, will you marry me?

און ניט בלויז סאָלדאַטען, נאָר אויך אָפיצירען,
מיט פּיילאָטס, מאַטראָזען און אַנדערע פיל,
זיי פרעגען מיך שטענדיג די זעלביגע שאלה
און האָפען צו הערען מיין ענטפער: I will.

נאָר שרעקט אייך ניט, ליבע, איר ווייסט דאָך פון תמיד,
אַז איך האָב מיין קאָפּ אויף דער ריכטיגער זייט,
ביז וואַנען מיין אמת'ער זיווג וועט קומען,
אַ אידישער בחור צו גאָט און צו לייט.

נאָר דאָס וואָס האָט נעכטען מיט מיר זיך פּאַרלאָפֿען
איז טאַקע אַ מאָדנע און זעלטענע זאַך:
מען האָט דאָ געבראַכט אַ פאַרוואונדעטען נאַצי
און מיך פּונקט געשטעלט צו זיין בעט אויף דער וואַך.

נו, ליגט זיך דער דייטש דאָרט, דער חולה מסוכן,
און מיך עקעלט שרעקליך זיין מיאוס'ער געשטאַלט,
נאָר „דיוטי" איז „דיוטי", איך מוז אים באַדינען,
כאָטש כ'פיל ווי עס גליווערט מיין בלוט און ווערט קאַלט.

נאָר אָט האָט ער שוין זיינע אויגען געעפענט,
און קוקט אויף מיר ערנסט, צומישט און פאַרטראַכט —
מסתמא, טראַכט איך מיר, וויל ער זיך דערמאָנען
די לעצטע מינוטען אין היץ פון דער שלאַכט.

און האָט זיך זיין בליק דער צומישטער באַרוהיגט,
און איך האָב דערלאַנגט אים דעם דאָקטאָר'ס רעצעפּט,
האָט ער מיך געבעטען אים מאַכען באַקוועמער,
אין אויפהויבען העכער זיין קאָפּ אויף דעם בעט.

„אָה, זאַגען זי, פרוילײן, זי זינד דאָך באַקאַנט מיר,
איך האָב דאָך געזעהן וואָ איר ליבעם געזיכט,
צי זינדען זי — יאָ, אַבער דאָס איזט אונמעגליך,
די שענהייט די זעלבע, די האָרע געדיכט.

„איך האָב דאָך איין מעדכען ווי זי אוֹם די אויגען
געזעהן אויך אין פּאָלען, וואָ קאָמען זי הער?
דאָס פרוילײן אין ליצמאַנשטאַדט וואָר דאָך דערשאָסען —
איך האָב זי דערשאָסען, זי לעבט שאָן ניכט מער".

איך בין ניט פון פוילען, האָב איך אים געענטפערט,
אַ אידישע טאָכטער פון ווייטשעפּעל בלויז,
מיין טאַטע הייסט למך, מיין מאַמע איז ציפּע,
און גוטסקייט און יושר שטייט איין אין זייער הויז.

„וואס רעדען זי, פּרווילין — האָט ער זיך דערשראָקען —
זי טרייבען דאָך שפּאַס מיט איין קראַנקען זאָלדאַט,
עס זינדען דאָך יודען שאָן אַלע פּאַרניכטעט
אין יעדערעם וועלט טייל, אין יעדערעם שטאַאַט".

איך האָב אים מיט חוזק באַטראַכט און געענטפערט,
אַ שוויין איז דער פירער מיט שקר אַ פּאַק,
האָט טאַקע דער דייטש זיך צום הארץ דאָס גענומען
און תיכף געשטאָרבען פון אמת'ן שלאַג.

אָט דאָס איז די מעשה ווי ס'האָט זיך געטראָפען,
און גלוסט זיך דיר, טאַטע, דערצייל דאָס אין גאַס,
זאָל עולם כאָטש וויסען, אַז ס'האָט אייך דיין סיביל
איר בייטראַג געמאַכט אין דיין „ווינקעל" פאַר שפּאַס.

נאָר עיקר שכחתי, לאָזט אויך פון זיך הערען,
ווי פילט זיך ווייטשעפּעל אָהן מיר דאָרט אצינד,
צי מאַכען כאָטש אַלע זייער פולסטע באַמיהונג
פאַר גיכען נצחון אין קאַמף געגען זינד?

וואָס מאַכט אויך די קולטור, טעאַטער, קאָלעגען,
צי האָבען די לעצטע דיך שוין אַנערקענט,
אַז דו שרייבסט אַמאָל אויך אַזוי ווי אַ דיכטער,
און רעדסט צו דער זאַך און ניט בלויז צו די ווענט?

כאָטש אמת, ניט תמיד בין איך מיט דיר מסכים,
אַז אַלץ וואָס דו שרייבסט איז בלויז גאונ'יש און קלוג,
ווייל ס'טרעפט דאָך מיט דיר אויך דו שפּילסט דיך מיט ווערטער.
ווי גראָז איבערקייטע אין מויל פון אַ ציג.

נאָר גאָרנישט, זאָל בעסער די „צייט" פאַר דעם זאָרגען,
דאָס איז דאָך דער „רזשאָב" פון רעדאַקטאָר אַליין,
און וואָס דאַרף איך געבען דיין הערר'ין דאָרט עצות,
ווען ער קען זיין שטעדטעל אַליין אויך באַשטיין.

נאָר איך פון מיין זייט מוז דיר זאָגען מיין מיינונג,
אַז אָפּט איז דיין שרייבעכץ אויף חוזק נאָר בלויז,
און מיר איז אַ וואונדער וואָס ס׳דרוקט דיך אַ צייטונג,
און האַלט פון דיין נודעכץ כסדר נאָך אוים.

איך האָב שוין אפילו אַ שמועה פאַרנומען,
אַז ווייטשעפּעל ווערט שוין באַלד ברוגז אויף דיר,
ווייל בלויז פאַר גבאים און גדולים־קטנים
איז שטענדיג מיט אַכטונג צוּעפענט דיין טיר.

נישקשה, דו מעגסט דאָרט אַמאָל אויך „סנעפּשאָטען"
אַ איד ווי ר׳ טיגער אין ווייטשעפּעל׳ס וואַלד,
אַבי זאָל דער עולם ניט דענקען און מיינען,
אַז דו ביזט צו שרייבער צו גרויס שוין און קאַלט.

נאָר גלויב מיר איך בין דאָרט דעם איד ניט מקנא,
צו לעבען מיט אייך, גראַפאָמאַנען, נאָך אַלץ,
דערצו נאָך אַ שרייבער מיט טיגער׳ס געלעכטער,
וואָס רייסט זיך אַרוים פון זיין טיפקייט אין האַלז.

דערפאַר איז דאָך טאַקע אויך גאָרניט קיין חידוש,
וואָס ער איז מבטל דאָס אַלץ וואָס איר שאַפט,
ווייל בלויז אין זיין פעדער וואָס רירט זיך גאָר זעלטען
ליגט שווייגענד פאַרבאָרגען דיווירקליכע „קראַפט".

צי נעם דיר אַ איד ווי דיין חבר פּאָלושאַק,
וואָס איז שוין, מיר דאַכט, אין ווייטשעפּעל באַקאַנט,
אַזוי ווי אַ בליץ דאָרט מפורסם געוואָרען,
כאָטש ער איז בלויז יאָרען געציילטע אין לאַנד.

דערפאַר איז ער אָבער (ווי זאָל איך דאָס זאָגען ?)
אַ רעדנער אַ וואַזשנער, וואָס רעדט איבער אַלץ,
פון שרייבער, געשיכטע, פּראָגראַמען, פּאָליטיק,
פון קונסט און ערציהונג ביז גענזענע שמאַלץ.

ניטאָ מער קיין טעמע וואָס זאָל אים זיין פרעמדלעך,
אַ בקי אין אַלעם, אויף יעדען געביט,
און רעדט ער, האָט ער אויך שטארק ליב זיך צו הערען,
אַזוי אַז ער ווערט גאָר קיין רגע ניט מיד.

בקיצור, זייט מוחל מיין קריטיק די שאַרפע,
וואָס איך שרייב מיט בושה אין האַרצען ביי מיר,
און לאָמיך דיר זאָגען אויך, טאַטע, דעם אמת
אַז איך שעם מיך אָפט אויך גאָר פשוט מיט דיר.

נאָר דאָ בין איך ווירקליך אין כעס שוין געוואָרען,
און האָב סיביל׳ס שרייבעכץ צוריסען, צופליקט,
אַ חוצפּה אַ ביסעל, אָט האָט איר אַ טאָכטער,
און נחת פון בריף וואָס זי האָט מיר געשיקט!

און אָט איז אַ בריף אויך פון סאַרזשענט מים עני,
מיין אַנדערע טאָכטער און העלדין שוין דאָך,
נאָר אַלץ וואָס זי שרייבט מיר וועט איר שוין, רבותי,
בלי נדר, ערשט הערען די קומענדע וואָך.

8-4-1945

---

# מיין טאכטער עני

אַז איר קענט שוין סיביל, מעג איך שוין באַשרייבען
מיין אַנדערע טאָכטער, מים עני, פאַר אייך,
די א.ט.ס. סאַרזשענט, וואָס קעמפט איצט אין דייטשלאַנד
מיט בריטיש־קאַנאַדישע טרופּען באַגלייך.

כאָטש אמת, זי טראָגט ניט קיין ביקס אויפ׳ן אַקסעל,
נאָר פירט בלויז איר טראַנספּאָרט צום פראָנט פון דער שלאַכט,
און פאַלט ווען אַ האָגעל פון קוילען פון שונא,
טרייבט זי אַלץ דעם מאָטאָר ביי טאָג און ביינאַכט.

ווייל ס'ווייסט דאָך מיין עני אַז זי איז אַ טאָכטער
פון אונזער געפייניגט און ליידענדיג פאָלק,
און יעדער מוז מאַכען זיין בייטראַג אָהן פחד,
צו האָבען אין קאַמף געגען שונא ערפאָלג.

נאָר זי איז שוין אַנדערש אין אויסזען ווי סיביל,
אַ פּנים אַזוי ווי אַן עפּעל צובליט,
מיט בעקעלעך רויטע און זאַפטיגע ליפּען,
און אויגען ווי פלאַמען פון לעבען צוגליט.

ניט דיק און ניט מאָגער, נאָר מיטעל געוואַקסען,
אַזוי איז איר גוף, נאָר אַטלעטיש געבויט,
דערפאַר אפשר איז איר אויך פרעמד גאָר אינגאַנצען
די שרעק פון פּחדנים ביים אָנבליק פון טויט.

נאָר דאָס לאָזט, רבותי, נאָך איבער אויף שפּעטער,
עס פעלט דאָך ניט אויס אייך אין זונטאָג קיין צייט,
ווייל איך וויל אייך נענטער מיט איר נאָך באַקענען,
כדי צו באַגרייפען איר ראָל און באַדייט.

ווייל איר מוזט דאָך וויסען וואָס ענילע סאַרזשענט
געטון האָט ביי אונז דאָ פאַר אויסברוך פון קריג,
כדי אויך צו זיין איבערצייגט און גאָר זיכער,
אַז זי וועט אונז העלפען אויך ברענגען דעם זיג.

זי האָט דאָך געקעמפט שוין פאַר כל'ערליי צילען,
געלעבט אין די ראַמען פון יעדער פּאַרטיי,
אפילו געווען שוין אַמאָל קאָמוניסטין,
און אַלץ בלויז צו מאַכען די מענשהייט פאָרט פריי.

ביז וואַנען דער שד אין דעם נאָמען פון היטלער
פאַר'סם'ט האָט דעם מוח פון זיין פאָלק און זיין לאַנד,
און קולטור פון אומות, ערציהונג און פראָגרעס,
זיי זיינען געוואָרען בלויז ווערטער פון שאַנד.

עס האָבען זיך כוואַליעס פון האַס און פאַרניכטונג
צושפרייט און פאַרגאָסען די זינדיגע ערד,
און אויך דאָ און דאָרטען האָט פיינדשאַפט צו אידען
אין אויסברוך פון צאָרן דערפילט און דערהערט.

און דאַן ערשט איז עניל׳ען קלאָר שוין געוואָרען,
אַז מיר זיינען אַנדערש אין ראָד פון דער וועלט,
האָט זי שוין דערהויבען איר בליק אַזש קיין ציון,
וואָס האָט איר אַן אַנדערען אמת דערציילט.

איך מיין איר שטויסט אָן זיך אין סוף פון דער מעשה,
און וואָס עס איז ווייטער מיט עני׳ן געשען;
זי האָט זיך באַגייסטערט פאַר היימלאַנד געדאַנקען,
און איז אין דער אַרבייט אַריין מיט אַ ברען.

אָט דאָס איז מיין עני, מיין טאָכטער, די סאַרזשענט,
און איצט, אַז איר זענט שוין מיט איר אויך באַקאַנט,
טאָ מעג איך פאַר אייך אויך שוין לייענען דאָס בריוועל,
וואָס זי שרייבט צו מיר מיט דער אייגענער האַנט.

עס איז שוין איר אידיש געמישט מיט העברעאיש,
אַ ווערטעל אַהין און אַ ווערטעל אַהער,
נאָר כ׳וועל מיך באַמיען איר לשון פאַרטייטשען,
כאָטש דאָס קומט שוין אָן מיר אַ ביסעל צו שווער.

און אָט ווי עס שרייבט מיר מיין העלדישע טאָכטער,
אין שפּראַך פון די אבות גאַנץ זאַכליך און שיין,
און ווייל איך וויל מער שוין קיין פירוש ניט מאַכען,
לאָז איך איר איצט איבער „מיין ווינקעל“ אַליין.

לאבי ולאמי שמם למך וציפּע,
חביבים נכבדים, רב שלום לכם,
איך האָב פון אייך נחת אין דייטשלאַנד דעם ווייטען,
ווייל אויך דאָ אַהער האָט דערגרייכט שוין אייער שם.

אפילו דער אידישער טשאַפּלין ר׳ קאָלנער,
ער לעזט יעדען טאָג דאָך אייער צייטונג די „צייט“,
און ווי נאָר ער זעט דאָרט אייער קיבעץ און חכמה,
ווערט ער ממש פּעטער פון פריידֿ אין דער ברייט.

ער זאָגט דאָך צו מיר, אַז ער איז מיך מקנא,
וואָס איר, ליבע הורי, זענט גרויס און געערט,
אַז איך דאַרף מיך פילען גאָר שטאָלץ און דערהויבען,
וואָס מיר איז אייער כבוד און רום אויך באַשערט.

נאָר דאָס איז דאָך בלויז מן הצד פון דעם ענין,
ווייל כ׳וויל דאָך דיר זאָגען, אוי מאַמעניו קרוין,
אַז איך בענק גאָר שטאַרק סיי נאָך אייך און ווייטשעפּעל,
און קוק אויס די אויגען צו זען אייך שוין.

דערווייל לעזט, זייט מוחל, אויך ווייטער מיין מכתב,
און הערט אַ טשיקאַוועס וואָס דאָ איז געשען,
בשעת כ׳האָב מיין מאָטאָר געפירט אין דער פינסטער,
האָב איך מיך פאַרבלאָנזשעט און גאָרניט געזען.

עס האָט בלויז אין שטילקייט אין ערגעץ דער ווייטקייט
אַזוי ווי אין עכאָ קאַנאָנען געקראַכט,
האָב איך שוין געוואוסט דאַן אַז איך האָב מיין מאָטאָר
צום פראָנט פון די ליניעס פון שונא געבראַכט.

איז טאַקע ניט היימליך געוועזן אויף דעם האַרצען,
און דאָך האָב איך אַלץ נאָך מיין מזל געפּרוּווט.
„העי טאָמי, וועהער אַר יו, אייב סטאַק היר אין דאַרקנעס!“
האָב איך מיך צושריען און אַלעם גערופט.

נאָר פּלוצלינג האָט זיך ווי אַ שאָטען באַוויזען,
און איך האָב דערהערט באַלד אַ רוף: „קאַמעראַד,
מיר ווילען זיך אַלע צו דיר אונטערגעבען,
ווייל מיר האָבען קריג דאָ גענוג שוין געהאַט.

„מיר וועלען דיר ציינען דעם וועג צו דיין ליניע,
אבי פאַר געלאָסען און טרייב ניט צו שנעל,
ווייל מיר וועלען אַלע נאָך דיר שוין מאַרשירען,
ביז וואַנען מיר וועלען דערגרייכען דיין שטעל“.

האָב איך מיר געטראַכט צי זאָגט אמת דאָס דייטשעל,
און האָב מיט מיין „טאָרטשלייט“ געוואָרפען אַ שיין,
בין איך דאַן געווען ווי דערשטוינט צו באַמערקען,
אַז ס'וואַרטען שוין מחנות מיר גרייט נאָכצוגיין.

נו, גוט, האָב איך פעסט מיין קאָמאַנדע געגעבען,
מאַרשירט נאָך דעם מאָטאָר די הענד אין דער הויך,
איך וועל אייך צוליב טון, שרצים, חזירים,
ווייל דאָס איז דער חוב פון דער א.ט.ס. אויך.

און האָב איך געבראַכט זיי צו אונזערע ליניעס,
איז פשוט געוואָרען אַ שמחה, הוריי,
ס'האָט יעדער געשריען „יחי סאַרזשענט למך,
דו טוסט דאָך דיין פליכט ווי אַ העלדין געטריי!“

און האָט מען געציילט דאָרט די דייטשע סאָלדאַטען,
האָט ממש דער ציפער דריי טויזענד דערגרייכט,
אַזוי אַז איך בין ווי נשתומם געוואָרען,
און האָב מיך פון שבחים אין ריקצוג געשלייכט.

און טאַקע ערשט נעכטען האָט פעלדמאַרשאַל מאָנטי
באַגריסט מיך און האַרציג געדריקט מיינע הענד,
און דורך אַ „לאָוד ספּיקער“ צום עולם פאַרזאַמעלט
האָט ער זיך מיט ווערטער אַזוינע געווענדט:

„אָט דאָ שטייט פאַר אייך איצט די א.ט.ס. סאַרזשענט,
בת למך וציפּע און בת פון ישראל,
וואָס קעמפּט ווי יהודית פאַר יושר און צדק,
אַזוי ווי איר פאָלק אין דעם ווייטען אַמאָל“.

און נאָך, נאָך אַלץ שבחים, „טהרי טשירס“ און יחי'ען,
אַז איך האָב מיך איינפאַך צורויטעלט אָהן שיעור,
אַזוי אַז איך האָב שוין קיין זאַך ניט פאַרשטאַנען,
וואָס האָט דאָ פּאַסירט און וואָס טוט זיך מיט מיר.

נאָר זאָל שוין געגוג זיין זיך בלויז צו באַשרייבען,
ווייל איך וויל דאָך הערען אויך נייעס פון אייך,
וואָס מאַכט דאָרט ווייטשעפּעל און עולם רבותי,
פון גרויס און פון קליין און פון אָרים און רייך?

ווי גייט דאָרט דעם דאָקטאָר, מיין פריינד ראַווידאָוויטש,
צי קומט ער פון לידז ווען קיין לאָנדאָן צו גיין,
אויב יאָ, טאַטע למך, גריס אים אין מיין נאָמען,
און פרעג אים ווי פילט ער זיך איצטער אַליין.

צי ווערט ער נאָך אַלץ אַטאַקירט פאַר זיין ליבע
צו אידיש-העברעאיש ביי אונז אויף דער גאַס,
און איז דער קנאי „די עקאָ“ פון גלאַזגוי,
א'ן אויך איר רעדאַקטאָר אויף אים נאָך אין כעס?

און ווי גייט ביי אייך אויך אַצינד זיין „מצודה“,
צי זאָגט ער זיין מיינונג נאָך פריי דאָרט אַרויס,
אויב יאָ גריס שוין טאָפּעלט מורה ראַווידאָוויטש,
און זאָג אים אַז אמת צאַנקט קיינמאָל אויס.

טאָ גריס שוין אין איין וועגס דאָרט אויך דעם פּראָפּעסאָר
בשמו פּראָסט אויף אידיש אדון סאַמסון רייט,
און זאָג אים ער מעג אויך אַמאָל זיך באַווייזען
אַזוי ווי זיין ברודער צו אונז פון דער ווייט.

נישקשה, עס איז נאָך ווייטשעפּעל אַ שטעדטעל
מיט אידען מיט וואוילע און פול מיט אידעאַל,
און זאָל ער ניט מיינען, אַז בלויז די עשירים,
אַז זיי זיינען ס'העכסטע פון אידישען כלל.

הקיצור, עס קושט אייך אייער עני קטנה,
און גויגט פאַר אייער גדלות מיט שמחה איר קאָפּ,
און ווינשט אייך, גייט אָן מיט אייער אַרבייט די גרויסע,
און שטעלט פאַר קיין רגע אייער „ווינקעל״ ניט אָפּ.

אזוי, אָט אזוי, האָט מיין עני געשריבען
און מיך אַלץ געלויבט ביז אין הימעל אַריין,
האָב איך מיך פאַר ציפּע׳ן אין שטאָלצקייט צובלאָזען,
אַז זי האָט מיין גאונות געמעגט אויך פאַרשטיין.

האָט ציפּע געעפּענט אויף מיר אירע אויגען,
אַ גליק נאָר ס׳האָט עמיץ געקלאַפּט אין דער טיר,
און אָט איז אַ בריף אויך וואָס פעני מיין טאָכטער,
האָט אויך שוין פון האָלאַנד געשריבען צו מיר.

נאָר ס׳קוקט דער רעדאַקטאָר אויף מיר שוין צו׳ברוגז׳ט
ווי ער וואָלט געפרעגט וואָס איך פייניג אייך נאָך,
דערפאַר מוזט איר וואַרטען אויף פעני׳לעס בריוועל,
וואָס איר וועט ערשט לעזען די קומענדע וואָך.

15-4-1945

---

## מיין טאָכטער פעני

אין היפּוך צו סיביל און עני איז פעני,
מיין טאָכטער די עלטסטע, געזונד זאָל זי זיין,
און כאָטש זי איז פעטלעך און ניט אַזאַ „ביוטי״,
דערפאַר איז זי פול מיט איר אידישען חן.

ווייל זי איז אין וואוקס און אין אויסזען געראָטען
אינגאַנצען אין ציפּע׳ן, מיין ליבליכע פרוי,
נאָר קומט עס צו קיבעץ, צו חכמה און שכל,
דאָ איז זי שוין, זעט איר, דער טאַטע גענוי.

און רעדט זי, דאַן דאַכט זיך ווי זי וואָלט געזונגען,
ווייל ס'האָט שוין איר קול אַזאַ שטייגער אין זיך,
און גייט זי, איז פּונקט ווי זי וואָלט זיך געטראָגען
אין עפּעס אַ ריטמישען טענצעל אויף גיך.

איר יעדע באַוועגונג האָט טעם און כונה,
און פול אויך מיט לעבען און טעמפּעראַמענט,
אַז פרייד שטראָמט אַרויס פון איר תמיד ווי קוואַלען,
אַזוי ווי די ערד אונטער איר וואָלט געברענט.

איז טאַקע דאָך גאָרניט קיין חידוש, קיין וואונדער,
וואָס זי שפּילט אין ענסאַ זינט אויסברוך פון קריג,
און בלויז מיט געזאַנג און מיט טענץ און מיט וויצען
פירט זי אויך די טרופּען אין קאַמף צו דעם זיג.

ווייל הערט מען זי לאַכען, און זעט מען זי טאַנצען,
ווערט שטאַרק די מאָראַל דאָך ביי יעדען סאָלדאַט,
אַזוי אַז די שאָטענס פון שוואַכקייט, פּחדנות,
פאַרשוואונדען מיט בושה ווי קיינמאָל געהאַט.

אַ שאָד נאָר וואָס זי איז ניט העכער געוואַקסען,
און כאָטש אויך אַ קאַפּיטשקע וועניגער מיאוס,
אויב יאָ וואָלט די וועלט דאָך איר בלומען געוואָרפען,
און ממש געקושט איר די טריט פון די פיס.

נאָר מיינט איר איך דאַגה פאַר איר און איר צוקונפט,
דאַן מאַכט איר, במחילה, שוין ווידער אַ טעות,
ווייל ס'לויפען איר נאָך דאָך די פיינסטע בחורים,
און פרעגען אַלץ ווען און דאָס וואַרטען פאַרוואָס.

נאָר זאָל שוין גענוג זיין מיט אייגענע שבחים,
ווייל איר ווילט דאָך וויסען וואָס שרייבט זי מיר פאָרט,
און אָט איז איר בריוועל, וואָס כ'גיב אייך דאָ איבער,
אָהן פּירוש, אָהן צענזור, נאָר וואָרט נאָך אַ וואָרט.

הכלל, טאַטע מאַמע, אָט שרייב איך אייך ווידער,
וואָס מאָכט איר, ווי פילט איר זיך דאָרטען אָהן מיר?
צי וואוינט נאָך ווייטשעפּעל אין איסט ענדער געסלעך,
און קיין זאַך האָט זיך ניט געביטען אין איר?

צי ווייסט אויך ווייטשעפּעל, אַז ס'האַלט אויף אַ דרך,
אַז נאַצים פאַרלירען זייער קאָפּ און זייער מוט,
און הערט מען דאָרט אויך ווי עס קלאָגען די דייטשען:
„וויר האַבען פערשפּילט אונד וויר זינד שאָן קאַפּוט"?

נאָר זעט נאָר ווי כ'בין דאָ פאַרקראָכען, פאַרבלאָנזשעט,
און שיעור, שיעור פאַרגעסען דעם עיקר, דעם טראַפּ,
אַז איך בין געראָטען אין דיר, טאַטע למך,
און פּונקט ווי ביי דיר, מישט ביי מיר זיך אין קאָפּ.

ווייל איר ווילט דאָך וויסען וואָס טוט דאָרט אייער פּעני,
וואָס וואוינט איצט אין האָלאַנד אין לוקסוס און פרייד,
טאָ לאָמיך אייך זאָגען, אַז איך פיל מיך גליקליך
און לעב און פאַרברענג מיר דאָ רואיג מיין צייט.

איך שפּיל בלויז פאַר טרופּען פון כל'ערליי פעלקער,
און מאַך זיי אָפּט לאַכען מיט וויץ און געזאַנג,
און ענדיג איך, הערט זיך אַ פּייפען און קלאַפּען
אַלס אויסדרוק צו מיר פאַר זייער האַרציגען דאַנק.

עס טרעפט זיי ערקלערען זיך פּשוט אין ליבע,
און שווערען צו בלייבען מיר אייביג געטריי,
זיי ווילען בלויז הערען דעם יאָ אין מיין ענטפער,
כאָטש גיי ווער פאַר'קנס'ט צו דער גאַנצער אַרמיי.

נאָר דאָס איז דאָך אַלץ מן הצד בלויז געפּלוידערט,
געשריבען און גאָרניט דערזאָגט און דערקלערט,
אָט פּונקט ווי רבנים וואָס רעדען אָפּט שטונדען,
און ס'ווערט גאָר קיין נייער געדאַנק ניט געהערט.

נאָר גאָרניט, אַז איר קענט באַשטיין דאָרט און שווייגען
טאָ וואָס איז מיין עסק וואָס ס'טוט זיך ביי אייך,
אַז איר גיט אָב כבוד די חוצפּה די פּוסטע
צוקריפּעלטע אין גייסט און אין גאוה בלויז רייך!

ווייל איך האָב געהערט ווי אַ רב פון ווייטשעפּעל
האָט גאָר זיך אָהן בושה באַצייכענט אַלס גאון,
אַז ער איז דער אמת'ער איינציגער גדול,
כאָטש דאָס איז בלויז שקר און ס'הויבט זיך ניט אָן.

נאָר וואָס האָב איך מיך דאָ צורעדט און צו־ווינקען
מיט גאַלע רמזים און שטותים אַ סך,
ווייל איר ווילט דאָך הערען וואָס ס'טוט זיך אין האָלאַנד,
און אויך ווי מיר גייט, וואָס איך טו און איך מאַך.

וועל איך אייך דערציילען אַ מעשה שהיה,
וואָס האָט מיר געטראָפען די פאָריגע וואָך,
בעת כ'האָב געענדיגט אין קאָנצערט מיין נומער,
און יעדער געפאָדערט האָט נאָך אַלץ און נאָך.

נאָר גיי און זאָג וויצען און זינג פאַר די טרופּען,
אַז ליידיג און פּוסט איז מיין מוח שוין געוועז,
האָב איך זיי געפרעגט דאָך וואָס נאָך כ'זאָל זיי געבען,
האָט עמיץ געענטפערט „ביי מיר ביזט דו שען".

האָט באַלד דאַן אַ צווייטער געמאָנט און געפאָדערט
„די אידישע מאַמע", דאָס האַרציגע ליד,
אַ דריטער „דאָס טלית'ל" האָט זיך געבעטען,
באַרימט שוין זינט דורות פון „פּינטעלע איד".

נאָר באַלד איז געקומען אַ רוף גאָר אַ נייער,
כ'זאָל זינגען דאָס לידעל „עס בענקט זיך אַ היים",
צום שטעדטעל דעם קליינעם וואו נעבען אַ טייכעל
אַ הייזעלע שטייט דאָרט פון ציגעל און ליים.

„איט׳ס נאָנסענס“ — האָט אימיצער אַנדערש געשריען,
דו זינג אונז שוין ליבערשט אַ פּריילעכן שיר,
אַ שטיקעל כּל נדרי, אַזוי אַז ס׳זאָל נעמען,
און מיר זאָלען אַלע נאָכזינגען נאָך דיר.

האָב איך שוין באַטראַכט מיר דעם זאַל מיט סאָלדאַטען
און ממש פאַרלוירען מיין קאָנטראָל און רו;
צי האָט אויך ווייטשעפּעל קיין האָלאַנד פאַרבלאָנזשעט,
און וואָס טו איך טאַקע אַליין איצטער דאָ?

נאָר כ׳האָב זיי געזונגען גאָר אַנדערע לידער:
„די אידישע טראָיקע“ און „מיידעלע שיין“,
און עולם אַזוי ווי דער כאָר אין דעם פאָלקס הויז,
האָט מיר נאָכגעזונגען מיט פרייד דעם רעפריין.

און יעדעס מאָל פרישע, באַנייטע אַפּלויזען,
מיט בראַוואָ׳ס מיט למך, אַזוי אָהן אַן ענד,
אַ קלאַפּען פון פיס ווי די רעדער פון באַנען,
און פייפען און פּאַטשען באַגייסטערט די הענד.

און האָב איך פאַרענדיגט צום סוף מיט התקוה,
האָט יעדער אין סאַלוט זיך האַסטיג געשטעלט,
אַזוי אַז כ׳האָב פּשוט די חושים פאַרלוירען,
און מער ניט געוואוסט וואו איך בין אויף דער וועלט.

היינט קענט איר פאַרשטיין שוין מיין שמחה די גרויסע,
כאָטש עפּעס איז, דאַכט זיך, פאַר מיר דאָ ניט קלאָר,
צי האָב איך גע׳חלום׳ט די מעשה שהיה,
איז טאַקע דאָס אַלץ אויך געשען אויף דער וואָר?

נאָר זאָל שוין גענוג זיין מיט מיינע חלומות,
אַבי מיר איז גוט דאָ, אַבי מיר איז וואויל,
כאָטש אָפּטמאָל פאַרגייט אויך מיין חשק צו עסען,
ווען איך הער פון פּליטים זייער פּיין און זייער גרויל.

נאָר דאָס איז אַן ענין פאַר אַנדערע בריוולעך
אַלאַ חבר קורלאַנד ביי אייך אין די „צייט“,
ווייל אַלעס איז אמת און קודש קדשים,
און אפשר נאָך ערגער פון דעם וואָס ער שרייבט.

און איצט אַז איר ווייסט שוין ווי ס'גייט מיר אין האָלאַנד,
וואָלט איך שוין וועלען וויסען וואָס מאַכט איר אַצינד,
צי שפּילט מען נאָך אַלץ דאָרט ביי אייך אין ווייטשעפּעל
דעם מעכטיגען „שלאַגער“ „פון צניעות צו זינד“?

ווייל ס'האָט דאָך פרנסה אַ שוואַרצע גבורה,
וואָס מאַכט אָפּט פון קינסטלער אַ פּראָסטען פּאַיאַץ,
און שפּילעט אים אָן נאָך פאַר שונד אַלס באַלוינונג
אַ בלימעל פון רום אויך גאָר שטאָלץ אין זיין לאַץ.

נאָר זעט נאָר ווי כ'האָב מיך צורעדט און צוערענסט
און פּשוט פאַרגעסען צו פרעגען ביי אייך,
וואָס מאַכט דאָרט מאַרקאָוויטש, צי שרייבט ער נאָך פּיעסען
און שפּילט אויך טעאַטער מיט אַלע צוגלייך?

צי וואוינט דזשאָזעף פיינבערג נאָך אַלץ אין ווייטשעפּעל
און חלום'ט חלומות פון ווייטען אַמאָל,
ווען ער האָט געשפּילט נאָך מיט אַדלער און קעסלער,
מיט מאָסקאָוויטש, פיינמאַן אין דראַמעס אָהן צאָל?

צי שפּרייזט ער אַרום נאָך פאַראייַנזאַמט און עלענד,
אַזוי ווי פאַרבלאָנזשעט אין ערגעץ דער פרעמד,
אַליין אין אַ וועלט פון טעאַטער „געזעננגע“,
אין אַלטע זכרונות פון ברעטלעך און ווענד?

און וואָס מאַכט איצט הערערים זיין לייבליכער ברודער,
וואָס האָט אויף דער בינע מיט אים אויך געשפּילט,
און שערמאַן וואָס זינגט נאָך און טאַנצט ווי אַ יונגעל,
און האָט נאָך די זקנה קיין האָר ניט דערפילט?

און נאָך, נאָך אַקטיאָרען (ווער קען זיי געדענקען!),
אוי, זאָגט זיי, איך וועל זיי דערמאָנען נאָך ווען,
אַז איך האָף, בלי נדר, שוין באַלד נאָך מלחמה
זיי ווידער צו גריסען און ווידער צו זען.

— — — — — —

גענוג שוין שרייט ציפּע, געוואַלד, למך גזלן,
ווי לאַנג איז דער שיעור אַלץ צו שרייבען איצט נאָך!
האָב איך זי געפאָלגט און פאַרמאַכט פעני'ס בריוועל,
ווייל פאַרטזעצונג קומט ערשט די קומענדע וואָך.

22-4-1945

## מיין שלום פּראבלעם

הכלל, ליבער עולם, באַצאָלט אייך מיין חשבון,
געהאַלטען מיין צוזאָג אַזוי ווי ס'געהער;
באַקענט אייך מיט סיביל, מיט עני און פעני —
טאָ זאָגט מיר, אדרבא, וואָס ווילט איר נאָך מער?

כאָטש אמת, איך וואָלט נאָך אַ בעלן געוועזען
צו הערען אייער מיינונג, וואָס דענקט איר פון זיי,
און אפשר גאָר האָט איר חתנים נאָך וואוילע,
דאַן קען מען אויפשפּילען באַלד חתונות דריי.

ווייל טאקע ווער האָט נאָך אַזעלכע טעכטער,
ווי איך און מיין ציפּע, געראָטען און שיין,
מיט מעלות נאָך טויזענד פון צניעות און גוטסקייט,
ווי ס'קענען בלויז אידישע מיידלעך נאָר זיין.

נאָר כ'מוז אייך, זייט מוחל, אַ סוד נאָך אויסזאָגען,
ווייל איר וועט דאָך זיכער פאַרשטיין זיין באַדייט,
אַז ס'איז ניט קיין נחת און תענוג קיין גרויסער
צו האָבען בלויז טעכטער אין היינטיגער צייט.

ווייל וואָס וועט דען זיין, ווען די קינדער בשלום,
זיי וועלען מיט מזל שוין קומען צוריק,
אַז יעדערער בחור ביי אונז אין ווייטשעפּעל,
וועט זוכען בלויז רייכטום מיט וואוילטאָג און גליק.

ער וועט דאָך פאַרלאַנגען דיין גאַנצען פאַרמעגען,
ווי ס׳וואָלט זיך געהאַנדעלט אין פּשוט׳ער שטאָף,
כאָטש גיב מיט דיין טאָכטער אים צו נאָך אַלס צולאָג
די וועלדער און פעלדער מיט רינדער און שאָף.

בלויז טאַטעס און מאַמעס ווי איך און מיין ציפּע,
זיי קענען די דאגות אַליין נאָר פאַרשטיין,
ווען ס׳ווערען די טעכטער אַלץ עלטער און עלטער,
און ס׳קומט אַלץ קיין לייטישער שידוך צו גיין.

נאָר וואָס וועל איך אייך מיט מיין זאָרג איצט פאַרמוטשען,
אַז איר האָט מסתמא אויך פּעקלעך לרוב,
און וואַרט פונקט ווי איך בלויז אויף נסים פון הימעל
בכדי צו דערזען פאָרט דעם אָנהויב פון סוף.

איר שפּילט זיך אַ ביסעל ביי אונז מיט שידוכים,
דער קאָפּ ווערט דאָך ממש צומישט און צודרייט,
וועל יעדערער גאָרניט בלאָזט זיך ווי אַ אינדיק,
און שמייכעלט אַלץ כיטרע, אַז ער האָט נאָך צייט.

כאָטש ציפּע פרעגט תמיד וואָס וועט זיין דער תכלית,
און האָט זיך שוין אָפּט גאָר מיט מיר אויך צוקריגט,
ווי איך וואָלט געווען דאָ דער איינציגער ערוב,
וואָס האָט זי מיט טעכטערלעך דריי נאָך באַגליקט.

נאָר גאָרניט, וואָס קען איך דען טון מער ווי שווייגען,
ווייל זי איז דאָך טאַקע ניט אויסען קיין בייז,
כאָטש זי רופט מיך גזלן, לא יצלח און בטלן,
אַז מיר ווערט פון בושה דאָ קאַלט און דאָ הייס.

ווייל וואָלט איך געטריי ווי אַ טאַטע געוועזן,
וואָלט איך שוין געפונען אַ מיטעל צום ציל,
נאָר גיי און האָב טענות, אַז איך קהל מיך שטענדיג,
האָב איך צו די קינדער קיין פּיצעל געפיל.

אַזוי, אָט אַזוי איז איר מוסר און טענה,
און גלויבט מיר עס פעלען קיין צרות ניט אויס,
דערפאַר אפשר איז אָפּט די גאַס מיין גן־עדן,
און איינפאַך גיהנום דאָס אייגענע הויז.

אָפּט האָב איך חרטה, וואָס מיר האָט פאַרגלוסט זיך
אַ טאַטע צו ווערען, און קבצן דערצו,
אַז איצט מוז איך כפל כפלים באַצאָלען,
און קיינמאָל ניט האָבען קיין רואיגע שעה.

אָט פּונקט ווי מיין חבר ר׳ דרין האָט חרטה,
וואָס ס׳זיינען די פּירער אַוועק פון איסט ענד,
אַזוי אַז ווען ס׳קומט צו ציוניסטישע מיטינגס,
כאָטש שטיי דאָרט און רעד איצט צו נאַקעטע ווענד.

נאָר איצט אַז איר קענט שוין מיין שלום׳דיג פּראָבלעם,
מיין זאָרגלאָזען לעבען, מיין פרייד און מיין עול,
מעג איך שוין אַרויס פון מיין ראָלע אַלס טאַטע
און ווידער אין דיכטונג דערהויבען מיין קול.

ווייל ס׳האָט דאָך דער פרילינג אין גרין זיך פאַר׳מלבוש׳ט,
און וואַרים און ליכטיג צוגאָסען איר זון,
וואָס מיניעט און דרייט זיך ווי גאָלדענע שלאַנגען
אין טאַנץ פאַר דעם זומער וואָס הויבט זיך ערשט אָן.

ס׳ליגט שטיל דאָך אין גאָרטען דער סוד פון געבוירען,
דער יונגער מכשף פון אויפבלי און פרייד,
און ער גיסט אַרויס פון זיין בעכער די בשמים
אויף צווייגלעך פון ביימער און בלומען אין בייט.

צופליט זיך אין שטילקייט פון גאָרטען אַ פויגעל,
די פליגעל צופאָכעט אַרויף און אַראָב,
און אונטער די כוואַליעס פון זון ליכט צעשימערט
שלאָגט זיך אויף דעם גראָז אויך זיין שאָטענדעל אָב.

שטרענג איך אָן די אויערן צו יערען מין סוויסטשען,
וואָס טראָגט זיך פון ווייטען אַהער דאָ, צו מיר,
און טראַכט זיך, אוי גאָט, אַך ווי שיין איז דיין וועלטעל
און אַלעס וואָס לעבט און באַוועגט זיך אין איר!

הילט איין מיין נשמה אַ גליקליכע מידקייט,
דאַן זעץ איך מיך צו דאָרט אַליין אויף אַ באַנק,
און קוק אויף די בוימער, די בלומען און שטראַלען
אין טיפער ענטציקונג און וואָרטלאָז געזאַנג.

נאָר כ׳וויים ניט ווי לאַנג כ׳בין אַזוי מיר געזעסען,
באַוואונדערט די שיינקייט פון הימעל און ערד,
ווען פלוצים האָט זיך ווי אַ שטורם דורכגעטראָגען
און שטילקייט און רו מיט געפילדער צושטערט.

דאָס האָט זיך אַזוי דאָס מיין ציפּע, זאָל לעבען,
צושריען אויף מיר ווי אין אמת׳ן כעס,
וואָס איך בין פאַרקראָכען אצינד גאָר אין גאָרטען
אַנשטאָט צו גיין זוכען פּרנסה אין גאַס.

געוואַלד וועל איך שרייען די וועלט זאָל כאָטש וויסען
ווי ס׳פירט זיך אויף למך אין מיטען דער וואָך,
ווען ס׳ברעכען זיך טאַטעס די קעפּ פאַר שידוכים
פאַרגלוסט זיך אים גאָרטען מיט פייגעלעך נאָך.

שאַ, שאַ, אשה ציפּע, האָב איך זי געבעטען,
מה רעש און מה טומעל און מה אויך געוואַלט,
ווייל אויך דו ווערסט שענער אין ליכט פון די שטראַלען,
און יונג ווי ביי מיידלעך דיין בליק און געשטאַלט.

גערענקסט דו נאָך, ציפּע, מיין קרוין און נשמה,
די טעג און די נעכט אזוי לאַנג שוין פאַרביי,
ווען יונגע חלומות אין ליבשאַפט פאַרשפּינען
זיי האָבען אונזביידען פאַר׳כישוף׳ט אין מאַי.

איך האָב דיר געשוואוירען דאַן אייביגע טריישאַפט,
מיט ליפּען מיט הייסע דיין פּנים צוקושט,
און דו האָסט געמורמעלט, „אוי למך׳ל ליבער,
כ׳האָב קיינמאָל פון תענוג אזאַ ניט געוואוסט“.

האָט ציפּע באַטראַכט מיך אַ רגע אין שווייגען,
אַזוי ווי איך וואָלט איר אַ פרעמדער געווען,
און אפשר געגלויבט כ׳בין משוגע געוואָרען,
ווייל זי האָט מיך קיינמאָל אזוי ניט געזען.

וואָס פּלאַפּעלסט דו, גולם, האָט זי זיך צולאָזען,
וואָס טויגען די שטותים פון ווייטען אמאָל,
אָט פּונקט ווי ער וואָלט פאַר די טעכטער בוגרת׳ן
געהאַט שוין חתנים אין מאַסען אָהן צאָל.

אָט האָט איר אַ ווייב איך פאַר פרילינגס חלומות,
אַז איר ליגט אין זינען בלויז נאַרישקייט פאָרט,
שידוכים פאַר מיידלעך מיט התונות, שמחות,
אַבי נאָר דאָס יונגוואַרג צוזאַמען געפּאָרט.

און איז דען אַ וואונדער וואָס איך בין מקנא
די דיכטער־קאָלעגען נאָך בחור׳יש פריי,
אַז זיי קענען זינגען און דיכטען און שרייבען
אַזוי ווי זיי גלוסט זיך אין חודש פון מאַי.

איך וועל שוין דאָס מאָל מער קיין נעמען דערמאָנען,
ווייל פול איז מיין מוח מיט שידוכים איצט נאָר,
אַזוי אַז איך דאַרף שוין אין שפּיגעל ניט קוקען
כדי צו דערזען אויף מיין קאָפּ גרויע האָר.

און אפשר, רבותי, מיינט איר דאָס איז אַלעס
אין קאַמף מיט מיין זיווג אין לעבען צוזאַם,
דאַן האָט איר מסתמא אינגאַנצען פאַרגעסען,
אז ס'וויל אויך מיין ציפּע באַלד פאָרען צום ים.

נאָר דאָס איז אַן ענין, רבותי, אויף שפּעטער,
כאָטש דאָ זינגט דאָס ליד שוין אַן אַנדערען טאָן,
עם וויל ציפּע „סלעקס“ (אַ מין ווייבערישע הויזען)
ווייל אַנדערש שטייט איר גאָר דאָס עסק ניט אָן.

הכלל, איצט פאַרשטייט איר שוין אַלע מיין נחת,
מיין פרוי מיט די טעכטער, מיין פרילינג און פרייד,
און וואָס עס וועט ווייטער מיר זאָגען דאָס לעבען,
וועל איך אייך דערציילען נאָך אַלץ אין די „צייט“.

און מיינט איר, אַז דאָ האָט זיך אַלץ שוין געענדיגט,
איך מיין מיינע דאגות אין אייגענעם הויז,
דאַן האָט איר, במחילה, אויפ'ס־נייַ שוין פאַרגעסען
אז ס'לאָזט זיך מיין „טראָבעל“ גאָר קיינמאָל ניט אויס.

ווייל אָט האָב איך ווידער אַ בריוועל דערהאַלטען,
געפּאַקט מיט זלזולים געשיקט פון פּראָווינץ,
וואָס כ'שרייב שוין קיין וואָרט מער ווי ס'לעבען דאָרט אידען,
און רעד בלויז פון אַלץ וואָס געשעט בלויז ביי אונז.

איך וויים, אפשר טאַקע גערעכט איז דער שרייבער,
נאָר אָט דאָס קאַפּיטעל איז מער ניט פאַר היינט,
ווייל קומענדע וואָך איז דאָך אויך דאָ אַ זונטאָג,
און וואַרטען מעג אויך אין פּראָווינץ דאָרט אַ פריינט.

29-4-1945

---

# די פּראָווינץ

איך האָב פון מאַנשעסטער אַ בריוועל דערהאַלטען
מיט פאָרוואורף און צענדליגער טענות צו מיר,
פאַרוואָס ׳שרייב איך בלויז פון ווייטשעפּעל אין לאָנדאָן
און טשיטהאַם היל לאָז איך גאָר אויס, איגנאָריר.

צי זיינען קיין אידען דען אויך ניט פאַרהאַנען
אין דיוסי סטריט צי גאָר אין בערי ניו רויד,
אין גאַסען און געסלעך מיט שולען און חברות,
מיט יאָרען צוריק נאָך געשאַפען, געבויט?

עס פעלען דאָרט אויך קיין פּאַרטייען און קלייזלעך,
פונקט ווי ביי אייך אין אייער ווייטשעפּעל דאָרט,
טאָ וואָס האָט איר זיך בלויז פאַררוקט אין אַ ווינקעל
און האָט שוין פאַר אונז מער קיין איינציגען וואָרט?

טאָ וואו איז דער יושר, איך פרעג אייך, אדרבה,
אַזוי צו פאַרשווייגען דאָס לעבען פון דאָ?
איר מעגט זיך דאָך שעמען אין האַלז אין דעם ווייטען,
און קלאַפּען אין הארץ זיך על חטא נאָך דערצו!

ווייל וואָטערלו רויד איז דאָך פונקט אַזאַ יחסן,
ווי ס׳איז דאָרט ביי אייך די אַלד מאָנטאַגיו סטריט,
און טאַקע דערפאַר איז דאָך מאַנשעסטער ברוגז,
וואָס איר האָט פאַרגעסען איר גאַנצען געביט.

אַזוי האָט דאָס בריוועל צו מיר אַלץ גע׳טענה׳ט,
און אפשר גערעכט איז דער שרייבער געווען,
האָב איך מיך פאַרטראַכט און געוואָלט זיך דערמאָנען
אין אַלע וואָס כ׳האָב דאָרט געקענט און געזען.

האָב איך מיך דערמאָנט אין מיין חבר ר׳ לאָקער,
אַ רעדנער אַ סוחר אַ שטיק אינטעלעקט,
אַ מענטש וואָס איז פּינקטליך אַזוי ווי אַ „בעטשלאָר“,
און תמיד מיט אַרבייט פאַרוואָרפן, באַדעקט.

ער קעמפט דאָך אַלס יחיד הורך ברייוו און פּאַמפלעטלעך
אַנטקעגען די אידישע שונאים פון גאַס,
און אָפטמאָל האַלט ער אויך אין קירכען דרשות
כדי צו באַווייזען די שטותים פון האַס.

ער איז אויך אַ מומחה אין אייניגע שפּראַכען,
און פּונקט ווי אַ פירער אַזוי זעט ער אויס,
און וואָלט ער געהאַט כאָטש אַ ווייב ווי מיין ציפּע,
וואָלט ער שוין געווען לאַנג מפורסם און גרויס.

איך האָב מיך דערמאָנט אויך מיין פריינד לעאָ אַלמאַן,
אַ איד גאָר אַ ליבער, אַ „באַרבער“ פון פאַך,
אַ זאַמלער און לעזער פון אַלע מין ביכער,
און בלויז נאָר בעיקר אין אידישער שפּראַך.

עס לאָזט זיך אָפּט הערען זיין קול מיט פּראָטעסטען,
פאַרוואָס האָבען מיר דאָ קיין יוגענד ניט מער,
ניט אַנדערש דער אידישער שרייבער איז שולדיג,
וואָס ער אַרבייט ניט ווי מען דאַרף און ס׳געהער.

אפילו די קינדער פון אידישע אידען,
אויך זיי זיינען טויב פאַר דעם אידישען וואָרט,
און ווען אונזער דור וועט אַוועק ווער וועט קענען
פאַרנעמען פון אידישקייט דאָ אונזער אָרט?

גערעכט, וכ׳לעבען, אַלמאַן, דאָס איז דאָך די קשיה,
וואָס גיט מיר אַליין אויך קיין רגע פון רו,
נאָר זאָגט, מה נדבר, ווען אידישער עולם
טוט מצוות פאַר אויסלאַנד און קיין זאַך פאַר דאָ?

נאָר כ׳טרייסט מיך, מיר זיינען אַ פאָלק דאָך פון נסים,
און מיט אונזער דור קען געשען און נאָך זיין,
אַז אַנשטאָט צו לעבען ביז הונדערט און צוואַנציג
זאָל ציען די צייט זיך ביז טויזענד אַריין.

און דאַמאָלט וועל איך אויך באַגריסען סאַדאָווסקי׳ן
אייער שכן, וואָס קומט יעדען זונטאָג צו אייך,
דער אַלטער ציוני מיט וואַרימע אויגען,
וואָס קען, דאַכט זיך, יעדען סיי אָרים און רייך.

נאָר זאָגט אים, אַז למך האָט אים ניט פאַרגעסען,
און אַז איך געדענק אויך נאָך אַנדערע פיל,
די פועלי ציוניסטען און תורה ועבודה,
און אידען נגידים וואָס לעבען אָהן ציל.

יאָ, איר זענט דאָך דאָרט אַלע מכניסי אורחים,
און נעמט אויף אַ אידישען שרייבער ווי ס׳פּאַסט:
דאָס ערשטע מאָל הארציג, דאָס צווייטע מאָל קעלטער,
און ס׳דריטע מאָל איז אייך שוין פרעמד גאָר דער גאַסט.

טאָ זייט מיר געזונד דאָרט, רבותי, חברים,
איך פאָהר איצט אין גייסט אויך קיין לידז מיר אַוועק,
כדי צו באַזוכען דאָרט טיילאָר, רומי־אַנעק
און זען ווי עס לעבט זיך אין שטעטעל אָהן שרעק.

נאָר אָט איז שוין נאָרטה סטריט און ליוויי׳ס געשעפטעל
פון צייטונגען, ספרים, די בערזע פון שטאָט,
דאָרט רעדט מען פּאָליטיק, דאָרט שמועסט מען סטראַטעגיע
און עולם קלויבט נחת אַזוי ווי אין באָד.

דערלאַנגט מיר ר׳ ליוויי אַ שלום אַ ברייטען
און פרעגט וואָס מאַכט הערדי, ווי גייט איצט די „צייט",
ער זאָגט מיר, ער קוויקט זיך מיט למך השני,
וואָס האָט זיך שוין צופיל אין ווינקעל צושפּרייט.

ער וויל נאָך אַלץ וויסען בלויז עַל רגל אחת,
וואָס דענקט איצט ווייטשעפּעל בנוגע דעם קריג,
צי ווייסט זי אַמאָל ניט געגוי שוין דעם דאַטום,
די שעה און די רגע פון ענדליכען זיג?

ער פרעגט אויך צושמייכעלט נאָך וואָס כ׳בין געקומען,
און וואָס ס׳איז דער צוועק פון מיין רייזע אַצינד,
אַז טויט איז דאָס אידישע לידז ווי אין קבר,
באַגראָזט און געגלעט בלויז פון איינזאַמען ווינט.

האָב איך אים געענטפערט, אַז כ׳וויים נאָך אַליין ניט,
ווייל טאַקע צו וואָס האָט זיך לידז מיר פאַרגלוסט,
נאָר זאָגט חבר ווינריב און פריינד הזן שטערן,
אַז כ׳בין דאָ געווען און זיי האַרציג געגריסט.

און טאַמער, האָב איך מיר געטראַכט, איז אַ יושר,
אָבשטאַטען אין בירמינגהאַם אויך אַ באַזוך,
ווייל ס׳וואוינען דאָרט קוטנער און הזן י. לעווי,
און אפשר אַ איד אויך וואָס קויפט נאָך אַ בוך.

און אויב שוין אין בירמינגהאַם וועל איך באַזוכען
דעם „מיניסטער" כהן וואָס טענה׳ט אָפּט איין,
אַז מיר זיינען אַלע נאָר פּליטים און פרעמדע,
און בלויז טאָלערירט ווען מיר פירען זיך פיין.

קיין בירמינגהאַם גאָר? ניין, גענוג דאָרט געוועזען,
געפרייט זיך, גערעדט און באַקענט מיט דער שטאָט,
נאָר ס׳וואָלט מיין ערפאָלג דאָרט פיל גרעסער געוועזען,
ווען איך וואָלט געקראָכען פאַר זיי אויף אַ דראָט.

נאָר וואו פאָרט מען איצט, צי נאָך ליווערפּול אפשר,
אַז כ׳האָב שוין מיט יאָרען צוריק דאָרט פאַרבראַכט,
קוים, קוים אויסגעהאַלטען דריי גאַנצע מעת־לעת׳ן,
און אפשר אַליין פון זיך חוזק געמאַכט.

איך האָב דאָרט געטראָפען אַ אידישען לעזער,
ר׳ כסף, אזוי איז זיין נאָמען געווען,
האָב איך מיך צו׳שמחה׳ט מיט אים און בני בית,
ווי ס׳וואָלט אַ נס גדול מיט מיר דאָרט געשען.

הקיצור, איך פאָהר ניט קיין ליווערפּול איצטער,
זאָל ליווערפּול קומען שוין בעסער צו מיר,
ווייל למך, כאָטש בלויז נאָר אַ נגיד אַ האַלבער,
דערקענט נאָך אַ אידען וואָס קלאַפּט אין זיין טיר.

טאָ וואו טאַקע פאָהרען, כדי אויפצוכאַפּען
אַ טיפ דאָ און דאָרטען אויף אונזער פּראָווינץ,
אבי ס׳זאָל דער עולם ניט האָבען קיין טענות,
אז כ׳בין עגאָאיסטייש און לעב בלויז פאַר אונז.

אוי ציפּעלע, ציפּעלע, האָב איך געבעטען,
גיב דו מיר אַן עצה, וואָס טוט מען דאָ פאָרט,
דו האָסט דאָך געזען אויף דעם פּאָרוואורף, דאָס בריוועל,
אז כ׳האָב פאַר דער פּראָווינץ שוין מער ניט קיין וואָרט.

האָט ציפּע, מיין ווייבעל, פאַרטראַכט און פאַרקלערט זיך,
און פּלוצלינג צולאַכט זיך גאָר הויך אויף דעם קול,
פאַרוואָס ניט קיין גלאַזגוי אין סקאָטלאַנד׳ס מדינה,
דו ביזט דאָך געווען דאָרטען אויך שוין אמאָל.

אָך, זעה נאָר, האָב איך מיך פאַרשעמט ווי אַ אינגעל,
און מיר איז די שטאָט גאָר אַרויס פון געדאַנק,
ניט אַנדערש, מיין ווייבעל, איך ווער עובר בטל,
און אפשר איז אויך מיין זכרון שוין קראַנק.

האָב איך מיך מיט ציפּע׳ן אין גייסט בלויז געזעגענט,
צוקושט זיך „גוד-ביי" און איך פלי דורך דער לופט
אין וואָלקענס אין בלויע, דורך לאַנדשאַפּטען גרינע,
דורך פעלדער וואו ס׳שמעקט שוין און אָטעמט מיט דופט.

און אַט איז שוין גלאַזגוי, די בריקען די פעסטע
צולייגט אין דער ברייט אויף דעם הימעל־בלוי „קלייד“,
און איבער דעם סקאָטישען טייך קאָכט מיט לעבען,
מיט אַרבייט אויף שיפען אויף מיילען צושפּרייט.

עס שמייכלען די מענשען אין גאַס צו מיר היימיש,
אַזוי ווי מען וואָלט מיך פון לאַנג שוין געקענט,
כאָטש גיי, שטעל זיי אָב, און צוקוש זיך מיט אַלע,
און דריק אויך אפילו פון פרעמדע די הענט.

נאָר וואָס האָב איך מיך דאָ פאַרקוקט און פאַר׳גולם׳ט,
אַז ס׳וואַרטען אויף מיר שוין די צענדליגער פריינט,
ווי יצחק טשאַפּליצקי און פירשט, פּועלי ציון,
און כ׳דאַרף אויך נאָך זיין אין דעם סערקעל הויז היינט.

און איצטער וואו איז נאָך דער אינסטיטוט דאָרטען,
און אַלץ אויף די „גאָרבעל“ אַרום קאָנצענטרירט,
אַזוי ווי נאָר „גאָרבעל“ געווען וואָלט דער צענטער
און קיין זאַך וואָלט מער אויף דער וועלט עקזיסטירט.

וואָס האָסט דו דיך, למך, גאָר פּלוצלינג צו„גאָרבעל“ט,
האָב איך מיך געזידעלט, געהערט אַ שגעון,
צי איז דען דער נאָמען ווייטשעפּעל פיל שענער,
און אויב דו מיינסט יאָ, הויבט זיך נאָרניט דאָס אָן.

זיי מוחל, אויב כ׳האָב דיך, ווייטשעפּעל, באַליידיגט,
ווייל ליבער פון אַלע איז פאָרט מיר דיין גאַס,
ביי דיר איז פאַראַן נאָך אַ מאָרגען פאַר אידיש,
כאָטש אָפט ווערט דיין פּנים פון שוואַכקייט שוין בלאַס.

נאָר דאָ אויף דיין שוים האָב איך ליב נאָך צו זיצען,
און טוליען מיין קאָפּ אויף דיין ברוסט, ווען כ׳ווער מיד,
ווייל טיילמאָל צושפּילט זיך דיין מאַמעשער לשון,
און זינגט מיר פון שענערע טעג נאָך אַ ליד.

איך בין דאָך קיין גאַסט ניט ביי דיר אויף די גאַסען,
און קיינער פרעגט מיך ניט צו וואָס איך בין דאָ,
כאָטש מיר ווערען ביידע געעלטערט אין צרות,
פאַרבייסט מען די ליפּען אין רולאָזער רו.

סעי, למך, האָט זיך דאָ מיין ציפּע צוליאַרעמט,
וואו איז דאָ דיין גרוס פון דיין גלאַזגוי וויזיט?
ניט אַנדעריש, דיין גייסט האָט פון דרך פאַרבלאָנזשעט,
און ערגעץ פאַרשלעפּט דיך אין בייזען געמיט.

חלילה, נו גיי שוין, דו טרייבסט דאָך קאַטאָוועס,
עס האָט מיך אַ נאָמען אליין בלויז פאַרפירט,
אַ נאָמען ווי „גאָרבעל" און זויער ווי אַ לעמאָן
האָט מיך ווי באַהערשט און אינגאַנצען רעגירט.

איך וועל נאָך, בלי נדר, אין גלאַזגוי פאַרפאָרען,
און ניט בלויז אין גייסט נאָר אין אמת'ן גוף,
און זינגען אַ שבת צו די אידען אין סקאָטלאַנד,
און אויך זיי אויפוועקען מיט ליבשאַפט פון שלאָף.

דערווייל בין איך מיד, אויסגעשעפּט פון די כוחות,
אַז ס'איז אַ מחיה „מיין ווינקעל" אליין,
ווייל כ'בין ניט קיין גאַסט אין מיין הויז אין ווייטשעפּעל,
און קיינער פרעגט מיך ניט ווי לאַנג כ'וועל דאָ זיין.
6-5-1945

---

## מיין שלום

נו, שלום עליכם, ר' שלום מיין ליבער,
וואו ביזטו די יאָרען די אלע געווען,
מיר האָבען דאָך שטענדיג געלעכצט נאָך דיין קומען,
און אָפט זיך געשראָקען דיך מער ניט צו זען.

באָטש אמת, דיין פנים איז האַלב נאָך פאַרבונדען
און פול איז דיין קערפּער מיט וואונדען נאָך פיל,
אַזוי ווי צו'מזיק'ט אין קאַמף צו דערהאַלטען
די האָפנונג די לעצטע אין טייוולישען שפּיל.

איצט זיינען די פענער פון פרייהייט צופלאַטערט
אויף דעכער פון הייזער אין גאַסען פון לאַנד,
און ס'קוקען די אויגען פאַר'חידוש'ט אין וואונדער,
וואָס ס'וואַקסט אויס די גוטסקייט פון מענשליכער שאַנד.

אין טענץ און געזאַנגען פון יובעל פאַר'שיכור'ט,
אַזוי שטראָמען כוואַליעס פון מאַסען אין גאַס,
מיט ליכטיגע אויגען און פנים'ער פרומע,
און פרעמד פאַר באַגריפען פון שנאה און האַס.

עס האָט ווי אַ כישוף די מענגעס באַצווינגען
צו שרייען פון שמחה, ווי קינדער פאַרשייט,
און לויבען מיט תפילות דעם נאָמען פון בורא,
וואָס דו האָסט דיך צריק אומגעקערט אין דער צייט.

מיר זיינען דאָך אַלע ביים אָבגרונד געשטאַנען,
אין ספקות געפּייניגט, אין אַנגסט איינגעהילט,
אַז אָפּט האָט געדאַכט זיך אַז צדק און יושר
האָט אויך שוין קאַמף געגען שקר פאַרשפּילט.

אַזוי ווי אין אָרעמס פון קאָשמאַר געפאַנגען
האָט יעדער פון אונז זיך געראַנגעלט אין פּיין,
אין טעג מיט סכנות, אין נעכט מיט געשפּענסטער
און אָפט אויך געגלויבט ס'וועט שוין אַנדערש ניט זיין.

נאָר איצט ווען עס קילט אונזער פנים דיין אָטעם,
און ס'גלעט אונז דיין האַנד אַזוי ליב, אַזוי צאַרט,
דערמאָנט מען זיך קינדער און ברידער און שוועסטער,
וואָס האָבען זיך מער שוין אויף דיר ניט דערוואַרט.

נאָר וועלען אריין די עשׂרת הדברות
אין לעבען אין נייעם פון פעלקער קאָנצערט.
צי בלויז אויף אַ ווייל נאָר אַ שיין טון, צובליצען
און ווערען אויפ׳סניי פון מלחמות צושטערט?

עס פרייט זיך דער מענש און עס יובעלט די מאַסע,
ווייל הערליך און שיין איז פון פרייהייט דאָס ליד,
און ס׳גיסען זיך קולות אין שטורם פון געלעכטער,
און ס׳ווערען די פיס אויך פון טאַנצען ניט מיד.

טאָ וויגען זיך פענער און פלאַטערען פרייליך,
פון גרויסע פראָזשעקטאָרס באַלויכטען, באַהעלט,
און ס׳דאכט זיך ווי עמיץ זאָגט אָן אונז אַ בשורה,
אַז קומען וועט איצט שוין אַ בעסערע וועלט.

איך וויל מיך אויך פרייען און זינגען און טאַנצען
אַ ווילדער פון שמחה גאַס איין און גאַס אויס,
ווייל פריי איז דאָך ווידער די ערד שוין געוואָרען
און וואַרט אויף אַן עתיד גאָר געטליך און גרויס.

נאָר ווען כ׳וויל מיך פרייען און זינגען דיר שבחים
וואָס ענדליך ביזט דו פאָרט געקומען צוריק,
ציט אויס זיך אַ שאָטען אַרום מיינע אויגען
און טריפט טראָפּענס סם אין מיין בעכער פון גליק.

ווייל ווי קומט דען פרייד צו אַ אידען ווי למך,
ווען מיר גלוסט זיך זאָגען גאָר קדיש אַצינד
נאָך יענע קדושים, געשאָכטענע ברידער,
די ערשטע קרבנות פון מענשליכע זינד.

ווי קען איך מיך פרייען מיט דיר איצט ר׳ שלום,
ווען דו האָסט פארשפּעטיגט אויף לאַנג, אזוי לאַנג,
און אַנשטאָט די טרייסט און דעם גלויבען אין מענשען,
האָט האַס און נקמה פאַר׳סם׳ט מיין געזאַנג.

און האָב איך מיין פּנים פאַרדעקט אין יסורים,
און מער שוין קיין וואָרט ניט דיר זאָגען געוואָלט,
האָט ציפּע גאָר הויך אויף דעם קול זיך צובייזערט,
וואָס איך האָב דיך, שלום, שוין מער גאָרניט האָלד.

אַז דו ביזט גאָר אַנדערש ווי אַנדערע מענשען,
האָט זי זיך צו'כעס'ט און צו'ברוגז'ט אָהן שיעור,
ווען יעדערער פרייט זיך דאַן ווילט זיך אים וויינען
און דאָס וואַגט נאָך רעדען פון קיבעץ צו מיר!

דו פּאָלג מיך שוין, למך, ווער בעסער אַ קברן,
ווייל ס'איז דאָך דיין לשון ווי לעמאָנע זויער,
אין אַנשטאָט צו ברענגען בלויז בשורות פון שמחה
רעדסט דו בלויז פון ספקות, פון פּיין און פון טרויער.

נישקשה, מיר זיינען דאָך לעבען געבליבען,
און ניט זיי, די שונאים פון יושר און רעכט,
ווייל איצט ליגט דאָך דייטשלאַנד געשלאָגען, פאַרפינסטערט,
און וועט שוין אויף דורות פאַרבלייבען פאַרקנעכט.

דאָס האָט דאָך בראָדעצקי און שוואַרצבאַרט באַוויזען
ביים אַבסאַ הויז מיטינג די פאָריגע וואָך,
אַז ס'וואָרט פאַר ישראל'ן אַ ליכטיקע צוקונפט
און יבנה, זי לעבט, און וועט לעבען אַלץ נאָך.

און האָט דען דיין הערדי מיט שטאָלץ ניט געשילדערט
די גרויסקייט פון אידען אין וואַרשעווער שלאַכט,
וואָס האָבען אויף אייביג פאַראייביגט זייער נאָמען
אין גלאָריע די שענסטע און הערליכסטע פּראַכט?

טאָ וואָס טויג דיר טרויערן אין יום טוב פון יובעל
ווען ס'ליגט שוין געבראָכען דער כח פון דעם פיינט,
און פרייד און געלעכטער פון יעדערען פּנים
שלאָגט אָב זיך באַגייסטערט און גליקליך צושיינט.

נאָר אויב ס׳גלוסט זיך דיר ניט אצינד פּיקאַדילי,
צי אַנדערע גאַסען פון לאָנדאָנער רום,
טאָ קום כאָטש אַרויס מיט דיין ווייב אין ווייטשעפּעל,
און זעה וואָס דאָרט טוט זיך אַרום און אַרום.

ווייל אויך אונזער איסט ענד איז פאָנען־באַהאָנגען
און ליכט קוקט פון פענסטער צוהעלטע אַרויס,
עס איז דאָך אַ גאַסט אַזאַ ליבער, ר׳ שלום,
אין יעדערען אידישען געסעל און הויז.

איך ווייס, דיר איז שווער איצט צו לאַכען און שפּרינגען
און מאַכען ווי שטענדיג דיין שפּאַס וועגען לייט,
ווייל פונקט ביי אַ שמחה דערמאָנען זיך אידען
אין אונגליקען, חורבות שוין אַלט ווי די צייט.

עס מוז דאָך אפילו ביי אונז אַמאָל ווערען
אַ שינוי אין שטייגער פון לעבען, פאַרשטאַנד,
ווייל וואָס קען מען טון דען ווען אידען מיליאָנען
פאַרניכטעט האָט ווילד פון אַ שונא די׳ האַנד.

נאָר פּלוצלינג איז ציפּע דאָ שטיל גאָר געוואָרען
און האָט שוין אינגאַנצען אויף מיר ניט געקוקט,
ווייל זי האָט פאַרדעקט זיך די אויגען די פייכטע,
און ס׳האָט זיך איר מויל קאָנוואולסיוו ווי צעצוקט.

אָט האָט איר אַ ווייב אויך וואָס פרייט זיך מיט שלום,
כאָטש נעמט זי צום טאַנצען אין פריידקאַראַהאָד,
אין ליכטיגע זאַלען, אויף גאַסען צוויובעלט
צוזאַמען מיט כוואַליעס פון מענשען אין שטאָדט.

עס זינגט שוין דער טאָג און די נאַכט נייע לידער,
נאָר איך בעט אייך רחמים, זייט מוחל מיר נאָך,
וואָס איך בין אַרויס פון מיין ראָלע אַלס למך,
ווייל דאָס איז דאָך בלויז נאָר ביז קומענדער וואָך.

13-5-1945

## ציפּע׳ס טענות

הכלל, עס הויבט אָן זיך די סדרה ה„סיסייד“
מיט קשיות און דאגות וואו „בוקט“ מען איצט פּאַרט
אין וועסטקליף, אין מאַרגייט, צי אפשר אין ברייטאָן,
אַבי צו געפינען ביים ים כאָטש אַן אָרט.

איז טאַקע דאָך גאָרניט קיין חידוש קיין גרויסער,
וואָס ס׳האָט זיך אין שטוב ווי אויף רעדער געדרייט,
כאָטש איך וויל כסדר מיין ציפּע׳ן באַווייזען,
אַז יונג איז נאָך זומער און הערבסט איז נאָך ווייט.

נאָר ציפּע, איר ווייסט דאָך, איז שטענדיג פּאַר׳עקשנ׳ט,
אַז פּאָרען, זאָל זיין טאַקע תיכף און באַלד,
אויב ניט איז זי מוחל דאָס גאַנץ פּאַרגעניגען,
און פּטור אַן עסק אָהן מינדסטען געוואַלד.

ווייל ווי שטייט געשריבען, אַז זי מוז אויך פּאָרען
אויף „פּלעזשור“ און רו צו דעם ברעג פון דעם ים.
דערצו נאָך דער זיווג פון למך השני,
מיט וועמען זי וואוינט דרייסיג יאָר שוין צוזאַם.

איך בין דאָך גאָר אַנדערש ווי לייטישע מענער,
און וואָס האָט זי ווירקליך ביי מיר דען געהאַט,
אַז איר איז באַשערט בלויז נאָר צרות און זאָרגען,
און אפשר וואָלט טאַקע דער ים איר געשאַט.

ווייל וואָס איז איר מאַן דען אַ שניידער, אַ סוחר,
צי עפּעס אַ ראָטשילד, צי סתם אַ באַנקיר,
אַז איך האָב מיט דלות זי שטענדיג געקאָרמעט,
און ס׳דאָזיגע מין ניט געזשאַלעוועט איר.

זי ווינשט בלויז די שונאים צו ־האָבען ברויט־געבער
אַ שרייבער, אַ בדחן, אַזוי ווי איך בין,
אַ שאָד נאָר זי האָט דאָס אַמאָל ניט פאַרשטאַנען,
און מקריב געוועזען איר לעבען אָהן זין.

אַז איך האָב אפילו קיין חוש ניט פאַר מאָדעס,
פאַר „סלעקס" און פאַר „פערמס" און פאַר זאַכען נאָך פיל,
דערפאַר בין איך תמיד אַזוי ־שטאַרק דאַגעגען,
און ענטפער מיט ניין אויף דאָס אַלץ וואָס זי וויל.

ווייל ווירקליך ווער איז דען ווי זי נאָך פאַר׳חושך׳ט,
אָהן שיך און אָהן קליידער, קיין זאַך אויף דעם לייב,
אַז כ׳וויים ניט צו שעצען איר גוטסקייט און צניעות,
אַזוי ווי אַ מאַן דאַרף באַטראַכטען זיין ווייב.

אַז מיר ליגט אין זין בלויז די קהל׳שע טומלען,
די שרייבער, אַקטיאָרען, די פירער פון גאַס,
און וואו נאָר אַ מיטינג, מחלוקה, גבאות,
בין איך אַ מחותן, וואָס קאָכט זיך מיט כעס.

און חבר איך מיך איז דאָס בלויז מיט זקנים,
דערפאַר בין איך פרעמד פאַר דער יוגענד שוין לאַנג,
און פשוט דורכדעם וואָס איך שרייב נאָך אין אידיש —
אַ שפּראַך וואָס האָט דאָ שוין פאַרלוירען איר קלאַנג.

ווייל אויך אין חדרים ווערט אידיש פאַרבאָטען
פון יענע, וואָס שטייען גאַנץ הויך אויבען־אָן,
און ווילען די נעז פון זייער פּנים באַהאַלטען
אין מאַנטלען אין פרעמדע און פאַלש אָנגעטון.

נאָר טאַקע פאַרוואָס זאָלסט דו זיי ניט נאָכפאָלגען,
ווייל רייך איז דער שקר און אמת מיינט נויט,
דאַן וואָלסט דו דאָך אויך אין ווייטשעפּעל געוואָרען
אַ מענש מיט אַ הויז אין דער „סיסייד" געבויט.

אַז ס׳גלוסט זיך דיר נאָר אויסצוזוכען די אידען,
די איינפאַכע מענשען און האַרציגע לייט,
און זיי בלויז באַזינגען אין אידישען לשון,
ווי דאָס וואָלט נאָך אַלץ דאָ געווען פון באַדייט.

אַז דו חלום׳סט תמיד פון רעוורענד פּאַלאַטניק,
וואָס האָט נאָך זיין חדר אין אידיש געפירט,
און אויך פיל געאַרבייט פאַר פּינסקער יתומים,
ווען ס׳האָט דער פאַראיין דאָ אַמאָל עקזיסטירט.

אַז אויך זיין חזנות האָט דיך אָפט באַגייסטערט,
צוזאַם מיט זיין מיה אויך לטובת הכלל,
ווייל וואו נאָר אַ מיטינג האָסט דו אים געטראָפען,
און פּונקט ווי אַמאָל גייט ער איצט איבעראַל.

ער טראָגט נאָך דאָס אידישע וואָרט אויף די ליפּען,
אַזוי ווי זיין חבר ר׳ אייזענבערג נאָך,
אַ איד אויך אַ טוער פון דור פון דעם אַלטען,
שוין שוואַך אין דעם גוף נאָר אין גייסט יונג אַלץ דאָך.

אָט זיי זוכסט דו אויס דיר פאַר ליוב און פאַר שבחים,
און ניט יענע רייכע אין שקר פאַרהילט,
טאָ איז דען אַ וואונדער, וואָס איך, ציפּע למך׳ס,
האָב טרויעריג מיין לעבען ביי דיר שוין פאַרשפּילט.

נישקשה, דו מעגסט שוין פאַרגעסען דיין לשון,
זאָל אַסימילאַציע אויך ווערען דיין וועג,
אַבי כאָטש צו לעבען אין עושר און כבוד
די לעצטע, מישטיינס געזאָגט, יאָרען און טעג.

ווען ס׳רעדען רבנים צובראָכענעם ענגליש,
אַזוי ווי די פּליטים וואָס קהל׳ען זיך דאָ,
טאָ וואָס אַרט דיך, למך, פּאַטש בראַוואָ, שריי קדוש,
און ליוב זיי און שמייכעל אפילו זיי צו.

דו שפּילסט דיך אַ ביסעל מיט אידען מיט „גרויסע“,
באַטיטעלט אין אויסלאַנד מיט דאָקטאָר דיפּלאָם,
אַז יעדע מין חכמה פון שפּראַכען פון פרעמדע
זאַפּט איין זיך אין מוח זיי ווי וואַסער אין שוואָם.

אַז ס׳גלוסט זיך דיין פריינד זעלמאַנאָוויטש נאָר ריידען
אויף טשעבישען ענגליש ביי אונז אויף דער גאַס,
טאָ וואָס קען אים העלפען דיין טענה און שאלה,
ווען ער קען נאָך ווערען אויף דיר אויך אין כעס.

דו רעדסט דאָך אַן ענגליש ניט ערגער ווי „גרינע“,
מיט דייטשישע ווערטער און פּויליש אַקצענט,
אַבי דריי די צונג אַז דו קענסט ניט קיין אידיש,
אַז קיינער האָט דיך ניט דאָס לשון געלערנט.

זאָל מיינען דער עולם דיין טאַטען אברהם
און מאַמען יוכבד איז פרעמד אויך געווען
די שפּראַך פון די אידען אין לאָדז אָדער וואַרשאַ,
וואו דו ביזט געבוירען און ס׳וועלטעל דערזען.

עס וואָלט פאַר דיין נאָמען ניט שלעכט גאָר געוועזען
דער טיטעל דער גרויסער פון דאָקטאָר יורי,
ווייל דאָס קלינגט נאָך שענער אין אויער פון ווייטשעפּעל,
און האָט אויך מער רייץ ווי למך השני.

און אויב יאָ שוין בייטען איז קריסטיאַנאַ שענער
ווי ציפּע, מיין נאָמען, אַז אָך איז און וויי,
אַז יעדערער גאָרניט רופט מיך מיסעס ציפּע
אין העסעל סטריט מאַרקעט, ווען כ׳גיי דאָרט פאַרביי.

דו פאָלג מיך שוין בעסער און ווער אויך אַ חכם
און לערן דיך די קונסט ווי צו מאַכען אָנשטעל,
אַז עולם קען דולדען, דאַרפסט דו אויך פאַרשווייגען,
און זאָל שוין אַלץ גיין באַרג אַראָב אויף דער שנעל.

ווייל וואָס טויג דיר שרייבען פאַר עדמאָנטאָן, ענפיעלד,
פאַר סטרעטהאַם און איסט העם און בית עולם'ס נאָך,
אַז זיי דאָרט די אידישע מתים אַרט וועניג
דיין למך גענודעכץ און קיבעץ פון וואָך.

ווער אויך אַ מקבר פון אידישען לעבען,
און זאָל שוין פאָרט נעמען אַ סוף און אַן עק,
אַז ניט האָב איך מורא, אַז כ'וועל צו דער „סיסייד"
שוין טאַקע דעם זומער ניט פאָרען אַוועק.

שאַ, שטיל, זאָג איך, שטיל, האָב איך ווילד אויסגערופען,
אַזוי זאָל מיין ציפּע דאָס רעדען צו מיר!
דו ווילסט כ'זאָל פאַרשאַכערען איצט מיין נשמה,
אַבי נאָר צו קויפען די „סלעקס" נאָך פאַר דיר!

צי מיינסט דו, אַז איך בין אַ רב וואָס מאַכט מסחר
און האַנדעלט מיט אידישען גייסט ווי מיט באָב,
און בויגט אין הכנעה צו בייטלען צו גראָבע
מיט פּרומע עניוות דעם אייגענעם קאָפּ?

סעי, ציפּע, שוין צייט דו זאָלסט קענען דיין למך,
וואָס בייט ניט זיין תורה, געוויסען פאַר געלד,
אַז ניט זיי, נאָר איך, און מיין חברה די למך'ס,
מיר זיינען דאָס אייביגע זאַלץ פון דער וועלט.

עס וואָרט דאָך אויף אונז עולם הבא פאַר שפּעטער,
און דו וועסט אַ חלק אויך האָבען מסתם,
נאָר וואָס ס'איז נוגע די „סלעקס" און דאָס „בוקען",
טאָ גלויב מיר, אַז ס'לויפט ניט אַוועק נאָך דער ים.

נאָר מיינט איר, אַז ציפּע האָט זיך דאָ דערשראָקען,
כאָטש איך בין שוין הייזעריג פון שרייען געווען,
דאַן קענט איר ניט ציפּע'ס עקשנות און ווילען,
ווייל וואָס זי פאַרלאַנגט מוז דאָך שטענדיג געשען.

איך בין דאָך דער טאַטע פון אונזערע קינדער,
און איז שלום בית צושטערען דען שיין ? —
אַז איך בין אויך זיכער אַז אַנדערש געהאַנדעלט
צום אייגענעם ווייב וואָלט איר אויך ניט אַליין.

דערפאַר זייט מיר מוחל וואָס כ׳האָב אייך פאַרפייניגט
מיט ציפּעלע׳ס טענות און מער ניט קיין זאַך,
נאָר איר ווייסט דאָך אַלע, אַז מיר מוזען שווייגען,
ווי נאָר עס באַקומט אונזער זיווג איר שפּראַך.

נאָר ווי אַזוי כ׳בין מיר מיט ציפּע׳ן געפאָרען
צום ים אין די „סלעקס" ווי אַ מיידעל פאַרפּיצט,
דאָס איז שוין אַ מעשה באַזונדער פאַר שפּעטער,
ווייל ס׳כעס׳ט זיך דער זעצער: גענוג שוין פאַר איצט!

20-5-1945

---

##ביים ים אין ברייטאָן

הקיצור, איך האָב מיך פאַר ציפּע׳ן געבויגען
און מיך אָהן קאָנדיציעס „סורענדערד" צו איר,
אַבי זאָל זיין שלום און זאָל זי אַלץ מאַכען,
וואָס נאָר עס פאַרגלוסט זיך איר הארצען מיט מיר.

איך ווייס דאָך אַז נוצלאָז איז לאַנג שוין מיין קעמפען,
אַז איך בין באַזיגט און געבראָכען אין מאַכט,
דערפאַר נעמט זי טאַקע אין מיר איצט נקמה,
ווייל זי האָט געוואונען צום ים־פאָר די שלאַכט.

איך האָב בלויז ביי איר נאָך געבעטען רחמנות,
און מיך אין די הענד פון איר יושר געלייגט,
נאָר פּונקט ווי ר׳ מאָנטי האָט זי ניט געענטפערט,
אַ וואָרט ניט געזאָגט, נאָר געשמייכעלט, געשוויינט.

האָב איך דאָך געוואוסט שוין, אַז כ'האָב קיין ברירה,
און מוז פאַר דעם גורל שוין בייגען מיין קאָפּ,
ווייל דאָס איז דאָך שוין פון באַזיגטען דער שטייגער
אויף ווענען דער זיגער קוקט שטענדיג אַראָפּ.

אַ גליק נאָר וואָס ציפּע איז מיר ניט קיין פרעמדע,
נאָר טאַקע אַן אמת'ע אייגענע פרוי,
אַז ניט וואָלט דאָך אפשר מיין גורל געוועזן
אָט פונקט ווי פאַר דייטשע רשעים אַזוי.

ווייל ס'וויל דאָך מיין זיווג ניט זען מיך געבראָכען,
צי מיך גאָר פאַרשקלאַפען אויף דורות שוין לאַנג,
אפילו אויך שאָדען־ערזאַץ ניט פאַרלאַנגען,
און נאָך, נאָך חשבונות אין זיגער'ס געזאַנג.

נו, מילא, וועל איך שוין איר ווילען נאָכקומען
(ווייל גייט, זייט אַ חכם און האַנדעלט פאַרקערט!)
און כ'האָב מיך צושריבען מיט אַלע מין שטעדטלעך,
וואָס ליגען ביים ים אויף דער בריטישער ערד.

און קוים, קוים מיט צרות, „געבוקט" שוין מיט מזל,
און כ'פאָר צו דער „סי־סייד" מיט ציפּע'ן צוזאַם,
כאָטש ווייט ליגט דאָס געסעל פאַרוואָרפען אין ברייטאָן,
און אפשר אַ צוואַנציג מינוטען צום ים.

נאָר וואָס טוט דען געבעך אַ איר ניט פאַר תענוג,
אַבי נאָכצושפּרינגען די מאָדע פון צייט,
און טאָמער, איך וויים, איז אָפּט טאַקע אויך בעסער
צו זיין פון ווייטשעפּעל אַמאָל פון דער ווייט.

ווייל דאָרט אין דעם ברייטאָן וועל איך מיר שפּאַצירען
אין הויזען אין קורצע באַקאַנט אַלס „פּלאַס פּאָור",
און עולם וועט מיינען אַז איך און מיין ציפּע
מיר זיינען דאָס רייכסטע און גליקליכסטע פּאָר.

אויב ס'פּאַסען „פּלאַס פּאָורס" יעדען גאַרניט און שמעלקע,
וואָס האָבען „רעטיירד" נאָך מיט יאָרען צוריק,
מעג אויך זיך אייער למך השני דערלויבען
כאָטש איינינע טעג בלויז פון גדלות און גליק.

הכלל, און אָט בין איך מיט ציפּע'ן אין ברייטאָן,
צופּאַקט זיך, געוואַשען, געטרונקען אַ טיי,
אויף גיך אָנגעטון זיך די בגדי ה„סי־סייד",
און אָט גייען מירביידע שוין גליקליך און פריי.

עס וואונדערט מיך בלויז וואָס עס שמייכעלט דער עולם,
און קוקט אויף מיין ציפּעלע'ס „סלעקס" ווי פאַרגאַפט;
צי ווייסען זיי ניט אַז לכבוד דער מאָדע
ווערט אויך אָפּט די קלוגסטע פון ווייבלעך פאַרשקלאַפט?

ס'איז אמת, אַז „סלעקס" איז פאַר פרויען נאָך יונגע,
אין הויכע און דאַרע פיגורלעך געבויט,
און ניט פאַר אַ באָבע אין ברייטקייט צעוואַקסען,
מיט האָר אויף דעם קאָפּ שוין פון זקנה צעגרויט.

נאָר וואָס קימערט מיך, אַז עס פּאַסט איר די הויזען,
אַזוי ווי אַ בער אַ פּאָר בריל אויף דער נאָז,
און דאָך איז פאַר מיר אַלץ אַ חידוש אַ גרויסער,
צי איז טאַקע דאָ נאָך צו לאַכען פון וואָס?

און אַז עטוואָס דיקער און קליין גאָר געוואַקסיג,
מהאי טעמא, איז אַלץ שוין דען פּסול און טריף,
איז ציפּע דען ערגער ווי ווייבער פון בוטשערס,
וואָס בלאָזען פון זיך און וואָס האַלטען זיך שטייף?

און פּאַסט דען דאָס שטריימעל אויף אַלע רביים,
וואָס פּראַווען די טישען ביי אונז דאָ אין לאַנד,
און גלאָצען די אויגען און מאַכען העויות,
און אַנשטאָט אין האַרץ קוקען זיי אויף דער האַנד?

צי טראָגען ניט פיל פון ווייטשעפּעל'ס כלי־קודש
אַזאַ מין אויך „סלעקס" גאָר אָהן טעם און באַדייט,
און מיינען אַז ס'ליגט בלויז די גייסטיגע ווירקונג
באַהאַלטען אין קעלנער פאַרקערט און פאַרדרייט?

נאָר גאָרניט. ווער שטערט זיי, אַ מענש מוז דאָך לעבען,
און לייכטער ווי שוסטערס איז רעוורענדס צו זיין,
און וואָלט איך באַזעסען מער הויש און מער שכל,
וואָלט איך אויך געוועזען אַ רעוורענד אליין.

נאָר וואָס כ'מייש אריין דאָ אַ פּלפּול, פאַרגלייכען —
דאָס ווייס איך אַליין ניט פאַר וואָס און פאַר ווען,
אַז ס'האָט מיך דאָס לאָכען פון ברייטאָן צורודערט,
ווי עולם וואָלט דאָ אַ בייז וואונדער דערזען.

דערפאַר אפּילו בין איך פון וועג שיעור פאַרקראָכען,
כאָטש איך וויל דאָך פריי זיין פון אַרבייט און יאָך,
נאָר גיי און האָב טענות, אַז אויך דאָ אין ברייטאָן
גייט ווייטשעפּעל פּונקט ווי אַ גזלן מיר נאָך.

ווייל ס'איז דאָך דער עולם כמעט ווי דער זעלבער
ווי דאָרטען ביי אייך אויף דער קענאָן סטריט רויד,
נאָר דאָ מאַכט מען אָנשטעל ווי גאַנצע יהסנים,
און קיינער פון זיי ווערט פון בושה ניט רויט.

און שטעל איך מיך פאַר אין אַ שמועס מיט די אידען,
אַז איך בין דאָס למך און ציפּע מיין פרוי,
קוקט אָן מיך רבותי מיט בליקען גאָר מאָדנע
און מיינט איך מאַך חוזק און לאַך דאָס אַזוי.

האָב איך זיי ערקלערט נאָך, אַז איך בין אַ דיכטער,
וואָס וואוינט אין ווייטשעפּעל שוין יאָרען אַ כך,
האָט עולם געפרעגט זיך פאַר'חידוש'ט אין וואונדער,
צי שרייבט מען נאָך אַלץ אויף דער אידישער שפּראַך?

אַז זיי האָבען קיינמאָל געהערט פון מיין נאָמען,
ווייל ס'איז דאָך „זשאַרגאָן" לאַנג פון מאָדע אַרויס,
און יעדער פון זיי האָט מיט־גאוה באַטראַכט מיך,
און שטאָלץ זיך געבלאָזען פונקט ווי משה גרויס.

געוואַלד, קאָוואַלס, שוסטערס און בערע־לייט הענדלער,
האָב איך מיך צובייזערט שוין אמת אין כעס,
צי האָט איר אין פּאַרק ליין געמאַכט אייער פּאַרמעגען
און ניט אויף דער אָרימער ווייטשעפּעל גאַס!

אַ גליק נאָר וואָס ציפּע האָט זיך ניט פאַרלוירען
און מיך ביי דעם אַרבעל געגעבען אַ שלעפּ,
אַז ניט וואָלט דאָך טאַקע פּאַסקודנע געוועזען,
און אפשר אַמאָל אויך געקומען צו קלעפּ.

נאָר כ'דאַרף אייך דאָך ווייטער קיין זאַך ניט דערציילען,
ווייל איר ווייסט מסתמא פון כעס אויך דעם טעם,
בין איך שוין געזעסען מיט ציפּע'ן, זאָל לעבען,
און שווייגענד באַטראַכט בלויז די שיינקייט פון ים.

עס וויגען זיך כוואַליעלעך קליינע און גרויסע,
ווי זילבערנע שלענגלעך גאָר ווייט פון דעם ברעג,
זיי שלינגען זיך איין און אָט קומען זיי ווידער,
און אייביג דער זעלביגער קאַמף און געיעג.

און איבער דעם ים ציט זיך אויס אין מנוחה
אַ זוניגער הימעל אין בלויען באַציר,
און טיף אין אים טראָגען זיך וואָלקענדלעך ווייסע,
וואָס גייען אָהן „סלעקס" און „פלאַס־פאָורס" אויף שפּאַציר.

און הערט זיך פון קינדער אַ לוסטיג געלעכטער,
דערקוויקט זיך דאָס האַרץ ווי פון שענסטער מוזיק,
אַזוי ווי עס האָט חזן מילך זיך צוזונגען
אין דאָלסטאָן בית ציון צוויי זונטאָגס צוריק.

עס גלעט אויך מיין פּנים אַ ווינטעל אַ מילדער,
און שפּילט זיך אַרום מיט די האָר פון מיין קאָפּ,
אַזוי ווי אין ווייטשעפּעל'ס שוהל אָפּט אַ דרשן,
וואָס רעדט און זאָגט גאָרניט און שטעלט זיך ניט אָפּ.

נאָר בעת כ'טראַכט אַזוי מיר די אַלע רעיונות,
וועקט אויף מיך מיין ציפּע אַזוי ווי פון שלאָף,
זי ברוגז'ט זיך אָן אויף מיין שטילקייט און שווייגען,
און בעט זאָל שוין נעמען צו דעם אויך אַ סוף.

ווייל זי איז דאָך בלויז דאָ פאַר תענוג געקומען
און ניט מרה־שחורה און כעס צו דער וועלט,
כאָטש, אמת, דער בורא מאַכט אָפּט אויך טעותים
און שטאָפּט בלויז אָן גראָבקייט מיט וואוילטאָג און געלט.

האָב איך פאַר איר חכמה געבענשט זי, מיין זיווג,
און האָב זי אומאַרעמט גאָר פּשוט מיט פרייד,
איך האָב איר אַ סוד אויך ענטדעקט פון מיין בענקשאַפט,
אַז ווייטשעפּעל ווערט מיר נאָך ליבער פון ווייט.

האָט זי שוין פאַרשטאַנען מיין רמז, מיין ווילען,
אַז מיך ציט צום כאָמעט נאָך איסט ענד און יאָך,
און איך האָב איר הייליג געשוואוירען, פאַרשפּראָכען,
אַז כ'וועל מיך אומקערען צום סוף פון דער וואָך.

נאָר ווי כ'האָב געפילט מיך אַליין אין ווייטשעפּעל
אָהן ציפּעלע'ס עצות און אָהן איר געשריי,
דאָס וועל איך אייך ווידער, בלי נדר, דערציילען
ווי נאָר ס'וועלען בלויז זיבען טעג נאָך פאַרביי.

27-5-1945

# ווען איך בין אליין

נו, פֿאַר איך מיר, הייסט עס, צוריק קיין ווייטשעפּעל,
און זיץ מיר אין צוג מיט ערוואַרטונג און פֿרייד,
אזוי ווי אַ מענש ערשט אַרויס פֿון דער תּפיסה,
פֿון דאגות, פֿון ציפּע׳ן און טעכטער באַפֿרייט.

אָט איצט, טראַכט איך מיר, וועל איך טאַקע דערפֿילען
דעם אמת׳ן עונג, פֿון קיינעם געשטערט,
אָהן מוסר, אָהן טענות, נאָר זאָרגלאָז און גליקליך,
אזוי ווי עס איז בלויז אַ בחור באַשערט.

און וועט זיך מיר גלוסטען צו טרייבען ליצנות,
צו לויפֿען צו מיטינגס און קהל׳ען זיך בלויז,
ווער וועט דען גאָר וואַגען מיר זאָגען אַ דעה,
ווען כ׳בין גאָר אַליין בעל הבית אין מיין הויז?

און וועל איך נאָכקוקען אַ ווייבעל אַ שיינע,
וועט אויך דאָך מיין זיווג ניט וויסען דערפֿון,
בלויז סיידען עס וועט איר מיין שכנה שוין שרייבען,
ווי איך האָב אַליין זיך געפֿירט און געטון.

ווייל זי, אָט די שכנה, די פֿרוי מיסעס נאָדעל,
זי איז דאָך זינט יאָרען אַלס בריה באַקאַנט,
ניט דאָ שוין פֿאַר איר מער קיין סודות אין געסעל,
און ס׳העלפֿט שוין אפֿילו פֿאַר איר ניט קיין וואַנט.

און זעט זי אין אָבענד אַ מיידעל און בחור
פֿאַרשטעקט אין אַ ווינקעל ביי עפּעס אַ מויער,
דאַן גייט זי פֿאַרביי דאָרט אַזוי ווי אַ שאָטען,
מיט קעציש טריטלעך און אָנגעשטרענגט אויער.

און באַלד אויף צו מאָרגענס צוטראָגט זיך די נייעס,
אַ בושה און חרפה וואָס אַלץ קען געשען,
עס האָט דאָך מיסס מרים אַ חתן אין בורמאַ,
און דאָ האָט מען זי מיט אַ צווייטען געזען!

אַז איך אויך אַליין האָב פון איר שוין געליטען,
און שיעור מיך מיט ציפּע׳ן געטריבען צום גט,
ווייל זי האָט בפירוש געהערט מיינע שבחים,
ווען איך האָב פון קייטי בראון׳ס שרייבען גערעדט.

נאָר וואָס האָב איך מיך דאָ דערמאָנט אין דעו׳ שכנה,
ווען ס׳טראָגט מיך פון בריטאַן דער צוג שוין צוריק,
און איך חלום ליבע און טראַכט מיר רעיונות
פון וואָכען אין פרייהייט און שטונדען פון גליק.

טאָ קוק איך אַרוים מיר פון פענסטער אויף פעלדער,
צוגרינט און צובליטע, פּאַרזייט און באַפלאַנצט,
אויף פעטע בהמות, וואָס פּאַשען זיך דאָרטען,
מיט פעלען קאָלירטע אין זון־ליכט באַגלאַנצט.

בין איך זיי מקנא די פעטע בהמות,
וואָס לעבען בשלום אין נחת און פריי,
און ברעכען זיך אויך ניט די קעפּ פאַר די טעכטער,
וואו פאָרט צו געפינען שידוכים פאַר זיי.

אַז אויך פון מלחמות איז ווייט זייער מחשבה,
און פרעמד פון פּאָליטישען סם און פון האַס,
אפילו גבאות איז אויך ניט זייער עסק,
אַזוי ווי כמנהג ביי אונז אויף דער גאַס.

זיי ווייסען דאָך אויך ניט פון „סלעקס", מיסעס נאָדעלס,
פון קאַמפּען, פּאַרטייען און לאָזונגען פיל,
מיט פּאַרלאַמענט וואַלען און אַנדערע חכמות,
וואָס זיינען פאַר מענשען דער איינציגער ציל.

באַוואונדער איך טאַקע די פעטע בהמות,
וואָס פרעגען ניט קיינמאָל קיין שאלות פאַר וואָס,
און לעבען זיך אויס אין זייער נחת און כבוד,
אַבי נאָר אין שפע פון וואַסער און גראָז.

אַ גליק נאָר וואָס ציפּע איז איצטער אין ברייטאָן,
און זעט ניט און הערט ניט מיין קלוגען געדאַנק,
אַז ניט וואָלט זי דאָך מיר געמאַכט קאָמפּלימענטען,
אַז איך בין אַן אָקס און זי ווייסט דאָס שוין לאַנג.

ווייל ווי קומט דאָס ווירקליך צום גאון האמתי,
ר׳ למך השני׳ן צו רעדען אַזוי,
אַז דאָס איז אַ טעמע פאַר דיכטער חכמים,
און ניט פאַר אַ איד מיט דריי טעכטער און פרוי.

נו, מילא, האָב איך שוין פאַרגעסען מיין פלפול,
און בלויז צוגעקוקט זיך צום פליען פון באַן,
געהערט ווי עס רוישען די רעדער און קרעכצען,
און יאָגען זיך איינער דעם צווייטען אין שפּאַן.

און אָט זעט זיך לאָנדאָן שוין אָן פון דערווייטען,
מיט דעכער און קוימענס און בוימלעך אַ סך,
דאָס האַרץ פון דער מעכטיגער גרויסער אימפּעריע,
וואו ס׳ליגט אויך ווייטשעפּעל, וואָס רעדט אויף מיין שפּראַך.

נאָר באַלד איז דער צוג שוין אַריין אין דער סטאַנציע,
און איך בין אַרויס מיט אַ פריילעך געמיט,
כאָטש נעם זיי אַרום אַלע מענשען און גאַסען,
און זינג זיי דיין פרייד אויס, פון פרייהייט דיין ליד.

אָט איצט וועל איך גיין ערשט אין יעדען טעאַטער,
צו קאָנצערטס, צו פּיקטשורס, כמעט אומעטום,
ווייל קיינער וועט מיר דאָך קיין דעות ניט זאָגען,
און פרעגען וואו כ׳שלעפּ גאַנצע נעכט מיך אַרום.

נאָר איידער וואָס ווען האָב איך ראשית באַשלאָסען
צו שרייבען פאַר זונטאָג מיין המשך פאַר אייך,
און בין מיר אַוועק צו מיין היים אין ווייטשעפּעל
כדי זיך צו נעמען צו אַרבייט דאָרט גלייך.

זיץ איך מיר ביים טיש נאָר עס שרייבט זיך קיין שורה,
עס פאָלגט מיך ווי תמיד די פעדער ניט מער,
ווייל כ'פיל בלויז אַרום מיר דאָס איינזאַמע שווייגען,
וואָס דריקט מיין נשמה גאָר מורא'דיג שווער.

און קוק איך אַרום זיך איז אַלץ אַזוי לעדיג,
אַ שטילקייט פון עלענד און נאָגענדער פּיין,
אַזוי ווי איך וואָלט אויף דער וועלט שוין פאַרבליבען
צו לעבען און ליידען און בלייבען אַליין.

עס יאָגט פון די ווענט אַזאַ קעלט, מרה שחורה,
כאָטש ס'שיינט דורך די פענסטער אין העלקייט די זון,
נאָר אומעטיג איז מיר, ווי אומעטיג, טרויעריג,
אַזוי אַז איך ווייס ניט וואוהין זיך צו טון.

עס ליגט אויף אַ שטול דאָ מיין ציפּעלע'ס מאַנטעל
און אויף דער קאָמאָד דאָרט איר פּאודער און פּאַף,
איר שפּיגעל און קעמלעך, פאַרשידענע שמאָכטעס,
און אַלץ וואָס אַ פרוי נאָך געברויכט און זי דאַרף.

און ווייטער אין פּרוזדור דאָרט זיינען פאַרבליבען
די שיך אירע שטיין וואו זי האָט זיי געשטעלט,
אַזוי ווי עס וואָלט אַלץ פאַרגליווערט געוואָרען,
ווען ס'גייט גאָר אַ נאָנטער אַוועק פון דער וועלט.

קוק איך אויף איר בילד פון אַ קינסטלער געמאָלען,
וואָס הענגט קעגענאיבער מיין טיש אויף דער וואַנט,
דאַן דאַכט זיך מיר אויס ווי עס שמייכעלט איר פּנים,
און רעדט עפּעס ווערטער גאָר פרעמד, אומבאַקאַנט.

בין איך אויפגעשטאַנען מיט ווייען פון בענקשאַפט,
און רוהלאָז געשפּרייזט מיר אַהין און צוריק,
אַזוי ווי ס'וואָלט עמיץ אין אויער מיר געמורמעלט,
אַז ס'איז שוין אויף אייביג פאַרשוואונדען מיין גליק.

ווייל ווי קען איך שרייבען אַליין אָהן מיין זיווג,
אַז מיר פעלט איר שאַרפער און קריטישער חוש,
איר וואַרימער אָטעם, איר חוזק און חכמה,
און אָפט נאָך מחלוקה איר זיגרייכען קוש?

אוי ציפּע, מיין ווייבעל, זיי מוחל דיין למדן,
וואָס האָט דיך אין בריטאַן געלאָזען דאָרט שטיין,
און האָב מיך געזעגענט מיט ווילדע מחשבות,
צו לעבען אין וואוילטאָג, ווען כ'וועל זיין אַליין.

אָהן דיר בין איך דאָ ווי אַ שיף אָהן אַ רודער,
וואָס טראָגט זיך אַרום אויף דעם שטורמישען ים,
און שוואַך איז „מיין ווינקעל" אָהן סימן פון קיבעץ,
ווי נאָר כ'בין מיט דיר ניט קיין רגע צוזאַם.

דערפאַר זיי מטריח זיך, אוי ציפּעלע, ליבע,
און כאַפּ דיך קיין לאָנדאָן וואָס גיכער אַהער,
ווייל ס'קען דאָך, חלילה, ווייטשעפּעל נאָך מיינען,
אַז כ'לעב בלויז פאַר מיר און פאַר קיינעם ניט מער.

וואָס טויג דיר, נאָך אַלעס, דער ים און די כוואַליעס,
דער „האָלידעי" עולם אַרום דאָרט זיין „ביטש",
אַז פיש זיינען אויך אין די ליין דאָ פאַרהאַנען,
און ס'פעלט ניט קיין טומעל, געלעכטער און קוויטש.

דו ווייסט דאָך, אַז בריטאַן איז ניט קיין מורנו,
ווי נאָר ס'קומט צו רייד וועגען ריחות און דופט,
ווייל ס'בלאָזט דאָך באמת אין העסעל סטריט מאַרקעט
די זעלביגע פרישע דערקוויקענדע לופט.

טאָ קום שוין, זיי מוחל, צוריק צו דיין למך,
ווייל איצט ערשט באַגרייף איך ווי גרוים ס'איז דיין ווערט,
אַז אָהן דיר בין איך ווי פאַרלוירען, פאַר'יתום'ט,
און דריי מיך אַ פרעמדער אַרום אויף דער ערט.

דו זעסט דאָך אַליין אין מיין היינטיגען „ווינקעל",
ווי ס'פעלט די נשמה פון לייכטקייט און שפּאַס,
געשילדערט מיין פרייהייט און עלענד צוזאַמען,
אַזוי ווי אַ מענש שוין, אַ שטיק חסר דעת.

עס וויל דאָך ווייטשעפּעל ניט וויסען און הערען,
ווי איך לעב און פיל מיך אינגאַנצען אָהן דיר,
ווייל עולם רבותי האָט ליב בלויז צו לאַכען
און וואָס אַרט די גאַס דען וואָס ס'טוט זיך ביי מיר?

נאָר זע נאָר ווי איך האָב שיעור שיעור ניט פאַרגעסען,
אַז איך האָב געפונען צוויי בריף אין דעם הויז,
געשריבען פון עני און פעני, וואָס זיינען
געוואָרען „דעמאָבט", פון זייער דינסט שוין אַרויס.

טאָ אייל דיך, מיין וויבעל, מיין קרוין, מיין נשמה,
זיי קענען דאָך קומען היינט־מאָרגען צו גיין,
און וואָס פאַר אַ פּנים און טעם וועט דען האָבען,
ווען ס'וועלען די קינדער מיך טרעפען אַליין?

עס וועט דאָך ביי אונז זיין אַ שמחה אַ גרויסע,
מיט אויפשריפט פון ברוך הבא אויף פאַר זיי,
און אַלע שדכנים מיט מאַסען חתנים,
זיי וועלען מסתמא זיך פרייען דערביי.

און אפשר וועט אונז אויך דער בורא נאָך העלפען,
אַז סיביל זאָל ווערען אין גיכען באַפרייט,
ווייל דאַמאָלט וועט זיין ערשט פאַרפילט אונזער בעכער
אחוץ מיט יסורים אויך טראָפּענס פון פרייד.

נאָר וואָס ס'האָט געטון זיך אין שטוב מיט די קינדער,
דאָס וועל איך, בלי נדר, נאָך שרייבען פאַר אייך,
אַבי זייט מיר מוחל מיין היינטיגען המשך,
וואָס האָט (וועט איר טראַכטען) קיין טעם און קיין ריח

ווייל אויך אַזאַ איד ווי אייער למך השני,
צ׳רעדט זיך אַמאָל ווי פאַר פייער און פלאַם,
און אַלץ בלויז דערפאַר וואָס כ'האָב ציפּע'ן געלאָזען
אַליין דאָרט אין ברייטאָןביים ברעג פון דעם ים.

הקיצור, רבותי פון כּלכות וויטשעפּעל,
דאָס לעבען גייט זיג־זאַג, דור הולך, דור בא,
טאָ לאָמיר אויך האָפען זיך ווידער צו טרעפען
די קומענדע וואָך אין אַ פריילּיכער שעה.

3-6-1945

---

# מיין מזל

ווי זאָגט דאָרט אַ חכם, אַז ס'פעלט איינעם מזל
וועט קיין זאַך ניט העלפען, ווען אַלץ גייט פאַרקערט,
כאָטש זיי מרעיש עולם מיט טויזענד פּראָטעסטען,
וועט בלייבען דיין שרייען פון קיינעם דערהערט.

ווייל ווער ליידט ווי איך נאָך פון בייז און ענטוישונג,
אַז יעדע ערוואַרטונג מאַכט מיך בלויז צו נאַר,
אַזוי ווי עס וואָלט מיר באַשערט שוין געוועזען
אַ ים עגמת נפש מיט ווייטאָג און צער.

ווייל ווי קומט דען טאַקע צו מיר פאַרגעניגען,
אַ טראָפּעלע גליק און אַ רוהיגען קאָפּ,
אַז יעדערער פּלאַן וואָס איך בוי פאַר דער צוקונפט
פאַלט שטענדיג ווי ברויט מיט דער פּוטער אַראָפּ.

ווי וואויל, טראַכט איך אָפּט, איז דעם מענש דער בר מזל,
וואָס לעבט אין הרחבה, אין נחת און פרייד,
קיין שלאָפלאָזע נעכט, קיין יסורים און דאגות,
ווי גאָט וואָלט בלויז ס'בעסטע פאַר אים אָנגעגרייט.

און מאַכט ער געשעפטען, גייט אַלץ ווי געווינשען,
פון שמאַטעס ווערט גאָלד ווען ער רירט עס נאָר אָן,
כאָטש ליידיג איז ער ווי אַ כלי אַ פּוסטע,
און אויבען אַ קאָפּ בלויז אַ הוט אָנצוטון.

און פונקט ווי דער טאַטע, אַזוי זיינע קינדער,
געזונטע און שטאַרק, מיט אַן איינציג באַגער
צו עסען און טרינקען, צו לאַכען און טאַנצען,
און האָבען עשירות און לוקסוס אַלץ מער.

ווייל ווירקליך, וואָס טויגען דען אַנדערע זאַכען,
ווי לערנען און פאָרשען דעם זין פון דער וועלט,
אַז אויך פאַר די טעכטער, די כשר'ע קעלבלעך,
זיי שיקט שוין דער בורא חתנים פאַר געלט.

אַז אַלץ גייט לויט סדר, ווי טעג און ווי וואָכען,
מיט חופּות און חתונות, אָנשטענדיג פיין,
אַזוי ווי עס קומט בלויז אַ מענש אַ בר־מזל,
וואָס ווייסט ניט פון מכשול'ס, פון שלעק און פון פּיין.

נאָר מיינט ניט, אַז איך בין זיי טאַקע מקנא,
אַז רייכער בין איך, ווען איר שמועסט אויף צוריק,
נאָר דאָך, דאָך פאַרדריסט פאָרט פאַרוואָס דאַרף איך ליידען,
ווען אַנדערע האָבען בלויז נחת און גליק?

און האָב איך דערוואַרט שוין מיט ציפּע'ן די קינדער,
פאַרהאַנגען מיט ברוך־הבא'ס אונזער הויז,
קומט אָן אַ ידיעה פון עני מיין סאַרזשענט,
פון מעשה „דעמאָבט" לאָזט אַ בוידעם זיך אויס.

איצט קענט איר פאַרשטיין דאָך מיין תענוג דעם גרויסען,
ווען איך האָב די בשורה דערהאַלטען ערשט היינט,
אַז ציפּע האָט זיך ווי צוזונגען פון שמחה,
און אפשר גאָר האָט זי אַזוי דאָס געוויינט.

נאָר גאָר ניט, אַ גליק וואָס כאָטש פּעני מיין טאָכטער,
האָט יאָ אומגעקערט זיך בשלום צוריק,
און דאָרטען אין האָלאַנד געלאָזען די „ענסאַ"
מיט לידער און וויצען, מיט טענץ און מוזיק.

נאָר זי איז געקומען אין קאר מיט אַ זעלנער,
וואָס האָט איר געטראָגען אין הויז דאָס געפּעק,
האָב איך שוין דערשמעקט ס'איז דאָ עפּעס ניט גלאַטיג,
און ממש געציטערט פון כעס און פון שרעק.

האָט פּעני געקוקט לאַנג אויף מיר און געשוויגען,
(זי האָט שוין אַפּנים געוואוסט וואָס איך טראַכט),
און עפּעס געמורמעלט אין אויער פון דער מאַמען,
געקושט זי, און הויך אויף דעם קול זיך צולאַכט.

האָב איך שוין פאַרשטאַנען מיין חורבן דעם נייעם,
ווייל וואו זיינען צרות אַזוינע פאַרהאַן,
ווען ס'קומט שוין מיט מזל אַ טאָכטער פון אויסלאַנד,
ברענגט זי קיין ווייטשעפּעל אַ פאַרטיגען מאַן.

האָב איך אים, פאַרשטייט זיך, גענומען באַקוקען,
ווער איז ער, פון וואַנען, אַ גוי אָדער איד,
האָב איך מיך באַנוצט שוין מיט כל־ערליי שפּראַכען,
און האָב אים געפרעגט מיט אַ ביטער געמיט:

ראָזומיעטשע פּויליש, טשי פּאַן גאַדאַש רוסיש,
צי פאַרלעוואו פראַנץ פאַר דעם טעגלעך געברויך,
האָט ער זיך צושמייכלט און פשוט געענטפערט:
נישקשה, ר' למך, כ'פאַרשטיי אידיש אויך.

געהערט אַזאַ לשון איז וואָרים מיר געוואָרען,
און כ'האָב אים פאַרבעטען אין שרייב־שטוב אַריין,
צו האָבען אַ שמועס דאָרט אַוועק פון די ווייבער,
אין חדר מיוחד מיט אים בלויז אַליין.

טאָ זאָגט, יונגערמאַן, מיר, ווער זענט איר, אייער יחוס,
די שטאָדט פון געבורט און אייער אָבשטאַם גענוי,
האָט ער מיך באַטראַכט און פאַרטראַכט זיך אַ רגע,
און דאַן מיר גאַנץ פשוט געענטפערט אַזוי:

מיין טאַטע געווען איז אַ סופר און שוחט,
מיין זיידע אַ קרוב פון הויף דאָרט אין גער,
מיין מאַמע די טאָכטער פון רב אין דעם שטעדטעל,
וואו איך בין געבוירען און קום דאָ אַהער.

און איך בין אַליין מיר אַ מענש אַ מנגן
מיט סוחר'ישער נייגונג און חוש פאַר הומאָר,
אַזוי אַז אייער שרייבעכץ האָט אָפט מיך באַגייסטערט,
כאָטש טיילמאָל מאַכט איר מיך אויך טרויעריג שוין גאָר.

נאָר ווען כ'האָב מיך נענטער באַקענט מיט אייער טאָכטער,
האָב איך מיך פאַרליבט אין איר הכמה און שיק,
און איך האָב געפילט אַז אין איר בלויז, מיין פעני'ן,
איז דאָ מיין באַשערטע, מיין ציל און מיין גליק.

און טאַקע אין האָלאַנד אַ חופה גענומען,
אַזוי ווי עס פירט זיך קדמונים שוין לאַנג,
און אָט שטייט פאַר אייך דאָ אייער איידעם אַ שטאָלצער
מיט פרייד אין נשמה און שבחים געזאַנג.

נאָר גלויבט מיר, ר' למך, ס'וועט איר גאָרניט פעלען,
אַז איר וועט נאָך האָבען פיל נחת פון אונז,
ווייל חכמה פון מסחר איז מיר ניט קיין פרעמדע,
ווי יעדער שלים־מזל קען איך אויך די קונץ.

געהערט אַזאַ לשון און שטייגער פון ריידען,
האָט טאַקע מיין הארץ זיך אין שמחה צוויאָגט,
האָב איך אים באַטראַכט מיט פאַר'למך'טע אויגען
און האָב צו מיין אידים אַזוי נאָך געזאָגט:

טאָ זעץ דיך, ר' חתן, אָט דאָ נעבען טישעל,
ווייל איך מוז דיר אויך איצט דערציילען אַ סוד,
אַז איך בין אַ קבצן און האָב ניט קיין נדן,
און אַלץ וואָס כ'פאַרמאָג איז אין שול בלויז אַ שטאָדט.

און חוץ דעם איז ס'איניקעל אויך ניט קיין פרעמדער
צו פעני, מיין טאָכטער, געזונד זאָל זי זיין,
אַזוי אַז דו ביזט שוין אַ פאַרטיגער טאַטע,
טאָ וואָס ווערסטו דו זאָגען אויף דעם נאָך אַליין?

נאָר דאָ האָט מיין אידים צולאַכט זיך גאָר ברייטלעך,
און איינפאַך געענטפערט דאָס איז אים באַקאַנט,
אַז ער האָט געהערט אויך פון איניקעל'ס חכמות
נאָך איידער ער האָט נאָך פאַרלאַנגט פעני'ס האַנט.

בין איך אויפגעשפרונגען אַזוי ווי פאַר'שיכור'ט,
צופראַלט פון מיין חדר מיוחד די טיר,
און ווילד צו מיין זיווג, צי ציפע'ן געדופען,
אַ מזל־טוב, כאַמע, אַ מזל־טוב דיר!

איז טאַקע געוואָרען אין שטוב ליהודים,
און באַלד האָט אין גאַס זיך די נייעס פאַרשפרייט,
אַז ס'ווערט אין דעם הויז שוין פון למך השני
אַ סעודה אַ גרויסע של מצוה געגרייט.

ווייל כ'מוז דאָך אַ חתונה מאַלצייט כאָטש פּראַוועז,
און געסט איינצולאַדען פון קליין און פון גרויס,
אַבי זאָל ווייטשעפּעל נאָר ברענגען מתנות
אַמאָל אין אַ יובל צו מיר אין דעם הויז.

ביז איצט האָב איך תמיד געגעבען פּרעזענטען
ביי אַנדערע שמחות וואו כ׳האָב מיך געפרייט,
נאָר דאָ האָבען זיך שוין די יוצרות פאַרביטען,
און ס׳איז אויך געקומען פאַר אונז אונזער צייט.

נאָר וואָס ס׳האָט געטון זיך ביי מיר אויף דער שמחה,
דאָס וועל איך באַזונדער באַשרייבען אייך נאָך,
ווייל איר ווייסט דאָך אַלע כמנהג „מיין ווינקעל“,
איז דאָס אַ קאַפּיטעל פאַר קומענדער וואָך.

10-6-1945

---

# פּעני׳ס חתונה

צו מאַכען בקיצור און אייך ניט צו נודיען,
גיי איך תיכף צו צו מיין סעודת הפרייד,
ווייל איך ווייס דאָך יאָ, אַז אין זוניגען זונטאָג
האָט איר פאַר קיין שטותים אַ רגע קיין צייט.

נאָר ס׳מאַכט ניט, איר מעגט אויך אין הייד פּאַרק מיטנעמען
די „צייט“ מיט „מיין ווינקעל“ און לעזען אייך דאָרט,
ווען איר וועט זיך זעצען אויף „דעק־טשערס“ אין גאָרטען
אין ערגעץ אין קילען־בוים־שאָטענדיג אָרט.

און אָט נעם איך אויך באַלד פונאַנדער די פּאָרהאַנג,
כדי איר זאָלט זען מיינע חתונה־געסט,
ווייל יעדער פון זיי איז דאָס „קרים“ פון ווייטשעפּעל,
באַרימט אין דער וועלט און פון יעדען געשעצט.

נאָר קודם בעט איך אייך באַטראַכט מיינע טישען,
געדעקט מיט כל טוב און אויך פלעשער מיט וויין,
מיט פרוכט כל המינים, פּיינעפּעל, באַנאַנעס,
און אַלץ וואָס אַ נגיד קען קריגען אַליין.

עס טראָגען פון קיך זיך אויך ריחות פון הינער,
פון קאַטשקעס געבראָטען, געפּרעגעלטע פיש,
קאָמפּאָטען און „אייז־קרים" און מאַנדעל־יויך פּרישע,
און אַלעס וואָס פּאַסט פּאַר מיין חתונה טיש.

און איצטער די ליכט, אַ מין פינקלען און שיינען,
אַ ים מיט קאָלירען צושימערט, צוגליט,
און וואַזעס מיט ליליעס, טוליפּען און רויזען,
אַזוי ווי זיי וואָלטען נאָך שטאָלץ דאָ געבליט.

און ווייטער אין זאַל, אין מיין צימער דעם גרעסטען,
דאָרט זיצען כלי־זמר די בעסטע פון לאַנד,
די סאַקסעפאָן שפּילער, די פידלער און פּויקער,
וואָס וואַרטען בלויז נאָר אויף אַ מאַך מיט מיין האַנד.

עס טומעלט און רעש'ט זיך, געלעכטער און יובעל,
געפּאַקט איז דאָך איצט יעדעס ווינקעל ביי מיר,
און מזל־טוב'ס קלינגען און שלום־עליכם'ס,
מיר זאָלען מער נחת דערלעבען ביי דיר.

נאָר ציפּע, וואו איז זי די גליקליכע מאַמע,
איך זע זי דאָך גאָר אין דעם עולם ניט אָן;
מסתמא, טראַכט איך מיר, איז זי דאָרט באַשעפטיגט,
צו זען אויב אין קיך ווערט אַלץ פּינקטליך געטון.

שטופּ איך מיך אַדורך צו דעם בופעט פון משקה,
וואָס ווערט פון דעם סאַרווער, ר' בלעקער, באַדינט,
ווייל אַנשטאָט אויף בינע שפּילט ער זיך מיט גלעזלעך,
און קען שוין זיין פאַך ווי אַ מענטש אויסגעגרינט.

און בלויז אויף מיין ווינק צו דעם שעף פון די קעלנער,
דערהערט זיך אַ רוף צו די חתונה־געסט:
רבותי, באַרימטע רבנים און שרייבער,
מיר הויבען שוין אָן איצט די סעודת־הפּעסט.

און באַלד שפּילט אויך אויף דער אָרקעסטער אַ פריילעכס,
ווי נאָר חתן־כלה, דאָס פּאָרל דערשיינט,
פּאַטשט יעדער אַ בראַוואָ און מאַכט זיי אַ וואַרע,
נאָר ציפּע קרימט ליפּלעך ווי זי וואָלט געוויינט.

נאָר גיי און האָב טענות צו נאַרישע ווייבער,
אפילו ווען ס׳ווערט ס׳העכסטע גליק שוין דערגרייכט,
כאָטש מיר דאַכט זיך עפּעס ווי אויך מיינע אויגען,
זיי ווערען פאַרנאַרישט און טרערען באַפייכט.

נאָר גאָרניט, איך קוק אויף מיין טאָכטער די עלטסטע,
וואָס זעט ווי די שענסטע בת מלכה איצט אויס,
ווי ס׳וואָלט דאָרט די שכינה גערוט אויף איר פּנים,
און פרייד איצט געשטראַלט פון איר בליק בלויז אַרויס.

און אויך מיין הערש לייב, אונזער איידים דער ליבער,
גייט פּונקט ווי אַ פּרינץ מיט מיין פּעני׳ן צוזאַם,
מיט אַרטיגע טריטלעך געוואויגען, געמאָסטען
ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ יחוס פון איידעלען שטאַם.

צוזעצט זיך מיט מזל, פאַרנומען די פּלעצער,
איז שטיל אין דעם זאַל שוין אַ רגע געווען,
ווייל איידער וואָס־ווען דאַרף מען מאַכען המוציא,
אַזוי ווי ס׳מוז תמיד ביי שמחות געשען.

דעם כיבוד האָט שוין הרב טווערסקי באַקומען,
און ער האָט מיט חכמה די מוציא געמאַכט,
מיט טיפע חריפות צושניטען די חלה,
און פּשוט דערביי ווי אַ גיבור געלאַכט.

האָט עולם געדאַנקט אים מיט פיל יישר כח׳ס,
ווי ער וואָלט דעם גרעסטען ערפאָלג דאָ געהאַט,
ווייל מאַכען המוציא פאַר שרייבער, געלערנטע,
דאָס קען דאָך בלויז וואַגען אַן אמת׳ער כוואַט.

און ווען ס'האָבען לוסטיג געקלאפּט מעסער־גאָפּעל,
האָב איך אויף די געסט מיר געוואָרפען מיין בליק,
צי פעלט כאָטש ניט קיינער פון אונזער משפחה
צו פרייען זיך דאָ אויף מיין פעני'לעס גליק.

אָט זיצט הערריי מייער דער אדון רעדאַקטאָר,
און נעמט פון מיין עולם זיין אויג ניט אראָפּ,
און גאָלדשמידט און קאַטץ שמייכלען עפּעס גאָר מאָרנע,
און ווינקען זיך איבער און שאָקלען דעם קאָפּ.

און נאָנט נעבען זיי דאָרט מיין חבר ר' לעווי,
וואָס חלום'ט סאָנעטען אפילו אויך איצט,
אַז ניט וואָלט ער דאָך אַזוי שטיל ניט געזעסען,
ווען אַלץ איז פון סעודת־השמחה פאַרשוויצט.

און אָט איז דאָך הערש און ר' ליסקי הגדול,
י. וואולף און ש. וואולף און י. גאָלדשטיין אין מיט,
עס פעלט אין חברותא בלויז זיי סאָכאַטשעווסקי,
וואָס מיינט אַז עס פּאַסט אים דער עולם דאָ ניט.

און ווייטער אַרויף זיצט אַזוי ווי אַ פּריץ,
מיין חבר ר' ביטש און ר' שטענצל ביינאַנד,
און פאַן משה עובד, דער נאַש־בראַט און דיכטער
שפּילט זיך מיט אַ קייטעל וואָס ליגט איז זיין האַנד.

נאָר אָט איז דאָרט קרייטמאַן און מרת קאָלדאָווסקי
און אויך מלכה לאָקער, וואָס קומט תמיד שפּעט,
ווייל איר ליגט אין זינען דאָס שטענדיגע רייזען
און דיכטען אויפ'ס־ניי איבער לענדער און שטעט.

אַ חשוב'ער גאַסט צווישען געסט ביי די טישען
איז אויך ראָמאַנאָווסקי, מיין חבר לויט „טרייד“,
ער האָט דאָך צוזאַמען פאַר יאָרען געאַרבייט
ביים זעלביגען טישעל מיט מיר אין די „צייט“.

וואָס מאַכסט דו, ווי גייט עס, מיין פריינד ראָמאַנאָווסקי,
האָב איך אים מיט שמחה געדריקט זיינע הענט,
צוקושט זיך אַזוי ווי צוויי ברידער דערווייטערט,
וואָס האָבען זיך ווידער דערנענטערט, דערקענט.

עס זיינען נאָך דאָ אויך פיל אַנדערע שרייבער,
רבנים די גרעסטע פון ווייטשעפּעל׳ס כרך,
נאָר איצט קומט די רייע פון רעדעס און פלפּול,
דערפאַר לאָז איך איבער אויף שפּעטער מיין שפּראַך.

אָט רעדט רבי שפּעטמאַן מעניניא דיומא,
עס שרפ׳עט, עס פלאַקערט, עס פלאַמט און עס גליט,
די אונטערוועלט קוויטשעט מיט קולות, געשרייען
און שטעלט אין סכנה דאָס פינטעלע איד.

געוואַלד אידען, שוסטערס, צדיקים גמורים
אין קאַמף געגען שטריימלעך, פאַרשטעלטע און שלעק,
ווייל איר זענט דאָך הייליג, דאָס אמת׳ע עמך,
אַז איך גיב פאַר אייך קיין זאַק באַרשט ניט אוועק.

איר זעט דאָך די אָרימקייט, דלות, אביונות,
פינסטערניש, חושך, אפלות און שוואַרץ,
ווייל ווער האָט נאָך טאַקע ווי איר, שוסטערס, שניידערס
די ליבשאַפט און אהבה צום פאָלק אין דעם האַרץ.

און נאָכגעפאָלגט האָט אים מיט שטראָף רייד און מוסר
דער גאון האמיתי, איר ווייסט דאָך וועם כ׳מיין,
און שטאַרק זיך געבלאָזען פון בויך, אַז בלויז חכמה
באַזיצט ער ביי אונז אין ווייטשעפּעל אַליין.

נאָר רבי ר׳ וויינשטיין, מיט אויגען פאַר׳חידוש׳ט,
איז שטיל זיך געזעסען ווי ס׳גייט אים ניט אָן,
וואָס ס׳ריידען רבנים דברים בטלים
און גאָרניט מיט שמחת הלמך צו טון.

נאָר בלויז רבי זינגער געלויבט האָט מיין ציפּע'ן,
און אויך מיך, איר מאַן, און די טעכטער די דריי,
אַ שאָד נאָר וואָס איך שרייב צופיל פון רבנים,
און לאָז זיי אפילו קיין רגע ניט פריי.

פאַרוואָס אַטאַקיר איך ניט שטאַרקער דעם עולם,
וואָס קומט אין דער שול בלויז יום כפּור אַמאָל,
און מיינט אַז מיט קלאַפּען על חטא זיך אין האַרצען,
האָט ער שוין דעם בורא געמאַכט דעם באַצאָל.

און נאָך די דרשות פון פּלפּול, חריפות,
האָט אויך הערבי מייער דאָס וואָרט שוין געהאַט,
און איינפאַך מיט חכמת הקריטיק באַוויזען,
אַז ס'וואָלט אויך ווייטשעפּעל אָהן מיר ניט געשאַט.

עס וואָלט ניט געווען גאָר קיין אונגליק קיין גרויסער,
ווען איך וואָלט „מיין ווינקעל" אינגאַנצען „געסטאָפּט",
און שרייבען שוין ליבערשט ווי מייזעלס ראָמאַנען,
מיט דראַמעס און פּיעסען מיט קונץ אָנגעשטאָפּט.

און ענליכע שבחים שוין מער ניט צו נודיען,
האָב איך אויך פון אַלע קאָלעגען געהערט,
ווייל ס'האָט דאָך מיין שרייבעכץ קיין ניצוץ פון דיכטונג,
און האָט קיין שמעק טאַבאַק אפילו ניט ווערט.

האָב איך מיך פאַרגעסען אין כעס און געשרייען,
אַ חוצפּה אַ ביסעל, צי האַנדעלט איר שוין!

---

נאָר דאָ האָט מיך ציפּע געוועקט און געטרייסעלט,
עס קומט דאָך שוין, למך, דער עולם צו גיין.

פאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז געווען איז אַ חלום
די הערליכע סעודה ביי מיר אין דעם הויז,
ווייל מיר האָבען אפשר אַ מנין פאַרבעטען
צו קומען אַלס געסט צו אַ „ראַנינג־טיע" בלויז.

נאָר וואָס ס'איז אַ שאָד מיר איז בלויז די מתנות,
וואָס יעדער האָט אונז אין מיין חלום געבראַכט.
נאָר גיי און האָב טענות, אַז ס'פעלט איינעם מזל,
איז טאַקע פאַסקודנע, פאַר קיינעם געדאַכט.

נאָר וואָס פאַר אַ מענש עס איז פעני'לעס חתן,
מיין איידים הערש ליב, און זיין בליק אויף דער וועלט,
דאָס ווערט שוין באַריכות אין „ווינקעל" אין מיינעם
ערשט קומענדען זונטאָג פאָדראָבנע דערציילט.

17-6-1945 ד׳

---

## מיין איידים

און איצט, אַז איר האָט זיך געפרייט און געיובעלט,
פאַרבראַכט אויף מיין פעני'לעס חתונה פיין,
ווילט איר דאָך מסתמא נאָך וויסען מיין מיינונג,
וואָס טראַכט איך און דענק וועגען חתן אַליין.

איר ווייסט דאָך אַז איך שאַץ ניט איבער און אונטער,
צי דאָס איז אַ פרעמדער, צי גאָר אייגען קינד,
נאָר כ'מיין, אַז הערש ליב איז אַ יחיד אין רבים,
און מער ניט בנמצא ביי אונז דאָ אַצינד.

ווייל שאַרף איז זיין מוח ווי אַ מעסער געשליפען,
איר דאַרפט אים ניט זאָגען צוויי מאָל בלויז איין זאַך,
אַז באַלד ווייסט ער אַלץ וואָס ס'איז ווערט נאָר צו וויסען,
און האָט פיינט דאָס אַלץ וואָס איז נעבעכדיג, שוואַך.

און אויב איר וועט פרעגען ביי מיר נאָך די שאלה,
צי האָט פעני'ן טאַקע געטראָפען אַ גליק,
קען איך אייך נאָר זאָגען, אַז כ'ווינש אַלע טאַטעס
אַן איידים אַזאַ און אַ מענש אַן אַנטיק.

ווייל הויך איז ער פונקט ווי אַ דעמבע געוואַקסען,
און קוקט אייך אין פּנים, ווען ער רעדט צו אייך,
אַ איד גאָר אַ נייער, קיין סימן פון גלות,
און שמועסט ער מיט אייך איז זיין קול צאַרט און ווייך.

ער קושט זיך און האַלזט זיך מיט פּעני׳ן כּסדר,
די ליפּען זיי טיילען זיך קיינמאָל ניט אָב,
אַזוי אַז מיין האַרץ ווערט פון תּענוג צושמאָלצען,
וואָס כ׳האָב אַזאַ נחת דערלעבט אין מיין שטוב.

מיר איז בלויז אַ וואונדער, וואָס ציפּע, די מאַמע,
איז פּלוצלינג פאַרשוויגען געוואָרען אין הויז,
זי גייט דאָרט אַרום ווי אַ שאָטען אָהן ווערטער,
און אַלץ וואָס געשעט מאַכט איר מער שוין ניט אויס.

עס העלפט ניט מיין מוסר פאַרוואָס זי איז טרויעריג,
און נעמט ניט קיין אַנטייל אַצינד אין מיין פרייד,
מיר האָבען דאָךביידע פאַר יאָרען גע׳חלום׳ט
צו זען נאָך צוזאַמען די גליקליכע צייט.

כאַפּ איך אָן איר שאָטען אַזוי ווי דערשראָקען,
און פיל אין די הענד בלויז דעם פוסטען אַרום,
אוי ציפּע, וואו ביזט דו, מיין ליבע באַשערטע,
און וואָס איז דיין מויל און דיין בליק אַזוי שטום?

אוי, זע נאָר ווי ס׳פרייען זיך איצטער די קינדער,
די אהבה, וואָס האַלט זיי אין אָרעם צוזאַם,
אַזוי ווי אַמאָל אויך, מיר ביידע, געדענקסט נאָך,
ווען יעדערער קוש איז געווען ווי אַ פלאַם?

איך רעד, נאָר עס שווייגט אַלץ מיין ציפּעלע׳ס שאָטען,
זי זאָגט ניט קיין וואָרט ווי איר בילד אויף דער וואַנט,
אַזוי ווי איר גוף וואָלט דאָ מער ניט געוועזען
צו טיילען די פריידען מיט מיר נאָך ביינאַנד.

קוק איך אויף דאָס ניי שוין מיט אויגען פאַר'חידוש'ט
אויף זיי, מיינע קינדער, וואָס האַלטען זיך שטאַרק,
גיב איך אָב אַ שבח צו דעם בורא הבריות,
וואָס ס'איז כאָטש מיין אײדים אויף קוישען ניט קאַרג.

ווייל פונקט ווי זיין חכמה פון אײדעלען אָבשטאַם,
אַזוי איז זיין ליבשאַפט צו פעני'ן אויך צאַרט,
און איך, טאַטע, פריי מיך, וואָס גאָט האָט געהאָלפען,
וואָס כ'האָב אויף מיין חדוה זיך ענדליך דערוואַרט.

און איצט, אַז איר קענט שוין דעם תוך פון מיין אײדים,
זיין שיינקייט, גבורה, זיין שטאָלץ און זיין פראַכט,
ווילט איר דאָך אודאי נאָך וויסען דעם עיקר,
געפעלט אים ווייטשעפעל, וואָס דענקט ער און טראַכט?

צי וועט ער זיך קענען ביי אונז דאָ דערהאַלטען,
און אפשר אַנטלויפען ווי אַנדערע פיל
אַזוי ווי עס טוט יעדער תכשיט און חכם, ,
וואָס זוכט חוץ פרנסה פאַר גייסט אויך אַ ציל?

וועל איך אייך דערוויי אויך באַלד געבען מיין תשובה,
אַז ניין, אַז ער בלייבט און ער לויפט ניט אַוועק,
ווייל ער פילט בחוש, אַז מען קען נאָך דאָ שאַפען
אַן אמת יהדות פאַר תכלית און צוועק.

כאָטש איך האָב אים ממש געבעטען מיט רחמים,
אַז ער זאָל זיך רעטען, עס דראָט איבּ געפאַר,
אַז אויך איך בין מאַכטלאָז און אַלט שוין געוואָרען,
ווייל דאָ קויפט געלד חכמה און רום פאַר דעם נאַר.

זע, האָב איך געטענה'ט, ווי איך לעב אין דלות,
און דאַרף ביי מיין בוטשער זיך בעטען אַ ביין,
כדי צו דערפילען דעם טעם פון אַ נגיד,
ווען איך קאָך פאַר שבת מיין מאָלצייט אַליין.

נאָר אויב דו ווילסט דורכאוים אין לאָנדאָן פאַרבלייבען,
טאָ זוך דיר אַ דירה גאַנץ ווייט פון איסט ענד,
אין פאַרק ליין, אין העמפסטעד, אין גאָלדערס גרין, פינטשלי,
און אויב נאָך דו ווילסט איז אין הענדאָן צי ברענט.

ווייל דאָרטען, הערש לייב, אין די רייכע מקומות,
באַטראַכט דיך דער קצב אַזוי ווי אַ לייט,
עס דאַרף אויך דיין ווייב אין דער רייע ניט וואַרטען
אין צרות, אין וואונדען און פטר'ן צייט.

און איצטער ווער שמועסט נאָך דער פישער, גרינגראָסער,
זיי ברענגען דאָך אַלעם אַזש ביז צו דיין טיר,
און רופען דיין פעני מאַדאַמשי און ליידי,
אַזוי ווי עס פאַסט אַ פאַרשוין פונקט ווי איר.

און קומסט דו אין שול אין אַ יומא דפגרא,
אַמאָל ראש השנה, יום כפור צו גיין,
איז יעמוד, סיר נגיד, און האו מאַטש יו שנדר,
און יעדערער קוקט אין דעם מויל דיר אריין.

אָט דאָס הייסט געלעבט און גענאָסען פון תענוג,
און ניט ווי עס איז דאָ ביי אונז אויף דער גאַס,
וואו ס'פליען בלויז פעדערן פון עופות געפליקטע,
ווי זיי וואָלטען אויך נאָר געמאַכט פון אונז שפאַס.

און מיינט איר, הערש לייב'ן גערירט האָט מיין טענה,
חלילה, עס הויבט אַזאַ זאַך זיך ניט אָן,
ער האָט בלויז געזאָגט, אַז ער ליבט שטאַרק ווייטשעפעל,
און ער וועט שוין זען וואָס עס איז דאָ צו טון.

אַז אַלץ איז דאָ אַנדערש ווי דאָרטען אין האָלאַנד,
און ער איז באַגייסטערט פון יעדערער זאַך,
ס'איז פריי אַ מחיה, נאָר ס'איז אים בלויז קשה
פאַרוואָס אידיש לעבען איז דאָ אַזוי פלאַך.

און רעדט אונזער עולם דאָס אידישע לשון,
דאַן קען עס אַ טערק בלויז און נעגער פאַרשטיין,
אַ מיש־מאַש אַ ווילדער, אַ מין דור הפלגה
פון לאָקשען מיט פריידז־פיש, פּאָטייטאָס און כריין.

אַ „טשיקען" לכבוד דעם הייליגען שבת,
אַ „סערמאָן" געהאַלטען ביי אונז אין דער שול,
און קומט צו אַ מיטינג ווערט יושב ראש גדול
פאַרוואַנדעלט אין וואָרט אין אַן איינפּאַכען שטול.

ס'איז פּשוט אַ חרפה אַזאַ מין פאַרשוועכונג,
און ניט בלויז פון לשון נאָר חינוך אויך דאָ,
האָט ער זיך, מיין אידים, צו'כעס'ט און צושריען,
און טאַקע מיט אמת'ער רוגזה דערצו.

ער וועט זיי שוין ווייזען דעם וויטשעפּעל עולם,
און קנעלען מיט זיי די באַדייטונג, דעם זין
פון קולטור און קונסט, פון אַ גייסטיגען לעבען,
וואָס מוז אויך דאָ ווערען אַ תוך וכדין.

און ווילען רבנים קיין זאַך שוין ניט לייסטען,
און איז דאָ יהדות פאַרקריפּעלט און טויט,
דאַן מוז מען שטורמען און שטירצען, צוברעכען,
און אַלעס זאָל ווערען אויפ'ס־ניי דאָ געבויט.

די וועלט איז ניט הפקר און תורה אַ מסחר,
צו פרעסען און טרינקען און ווערען בלויז פעט,
און לערנען די קינדער נאָר קדיש, הפטורה,
וואָס איז מעשה חוזק און בלויז אויף געשפּעט.

צי מיינען זיי טאַקע די בלינדע מנהיגים,
אַז זיי קענען טון אַלץ וואָס זיי נאָר געפעלט,
אַז ס'איז בלויז דער עיקר דער קדיש און מאַגען,
און מער איז קיין זאַך שוין ניטאָ אויף דער וועלט?

נאָר איך שווייג און גלעט מיט הנאה מיין בערדעל
ווייל ס׳פרייט מיך צו זען ווי ער קאָכט זיך און זיד,
און טראַכט, אַזאַ לשון פאַר קיום האומה,
קען בלויז דאָך באַזיצען אַן אמת׳ער איד.

פרעגט ער שוין באַרוהיגט, וואָס כ׳האָב מיך צושמייכעלט,
האָב איך אים געענטפערט פראָסט פשוט אַזוי,
אַז איך האָב אַמאָל אויך דעם חלום דעם זעלבען
גע׳חלום׳ט ווי ער אין מיין יוגענד געניי.

איך האָב אים דערמאָנט, אַז דאָס זעלביגע לשון
האָט אויך הרב לעוו שוין באַנוצט דאָ אַמאָל,
נאָר איצט דרייט זיין צונג זיך שוין נעבעך אין ענגליש,
ווי ס׳וואָלט זיך פאַררעווערנדט זיין אהבת ישראל.

ווייל ער האָט דאָך אויך אַזוי ביטער געצאָרענט,
ווען ער איז אין אָנפאַנג געקומען אהער,
ביז וואַנען ווייטשעפעל זיין פלאַם האָט פאַרלאָשען,
און איצט איז ער שטיל און „פראָטעסטעד" ניט מער.

אַז לאָנדאָן האָט פאַרט אַזאַ בייזע גבורה,
און קילט אָב די מוחות וואָס ווערען צוהיצט,
אַז איך אויך אַליין בין דאָ מיר שוין געוואָרען,
רעד איך מער קיין וואָרט ניט און שווייג מיר שוין איצט.

אַזוי ווי וואַרשאַווסקי וואָס רופט זיך שוין רעוורענד,
אויך ער האָט אַמאָל דאָ געגליט און געברענט,
נאָר איצט האָט ער שלום געמאַכט מיט זיין גורל,
ווייל רעד אַז דו רעדסט בלויז פאַר ליידיגע ווענט.

עס זיינען געקומען אָפט שרייבער און טוער
און גאָלדענע פלענער מיט זיך אויך געבראַכט,
צו שאַפען דאָ קולטור, פאַרלאַנגען פאַר ביכער,
ביז וואַנען ווייטשעפעל האָט שטיל זיי געמאַכט.

אפילו די אידען, גאַנץ וואַילע און ליבע,
ווי לאָקער און לעווענבערג, מענשען מיט ברען,
אויך זיי זיינען, נעבעך, ווי קאַלט דאָ געוואָרען,
און מער שוין ניט דאָס וואָס זיי זיינען געווען.

אַז דאָס איז די קללה וואָס הענגט אויף ווייטשעפּעל,
טאָ וואָס וועט דיר העלפען, הערש לייב, דיין געשריי,
אַז אויך דו וועסט נאָך אין אַ ווינקעל פאַרקריכען,
און אפשר אויך ווערען פיל קעלטער פון זיי.

דו פאָלג מיך שוין ליבערשט און נעם דיר דיין פּעני,
און לויף כל זמן ס'זיינען נאָך שטאַרק דיינע פיס,
אַז ניט דראָט סכנה אַז דו זאָלסט נאָך ווערען
אַ דיין און אפשר אַ רעוורענד געוויס.

נאָר ס'זאָל אים דאָס אַרען מיין עצה, תחנונים,
ער האָט זיך פאַר'עקשנ'ט, ער גלויבט און האָט מוט,
ער האָט ניט קיין מורא צו זאָגען דעם אמת
אין פנים פון שקר, און קעמפען ביז בלוט.

ער וויל בלויז, אַז איך זאָל אים געבען „מיין ווינקעל",
ווייל איך האָב, זאָגט ער, שוין מיסברויכט מיט מיין אַמט,
און ער וועט שוין לערנען די גאַס דרך ארץ,
און יעדען דערמאַנען פון וואַנען ער שטאַמט.

דערהערט אָט דאָס לשון איז היים מיר געוואָרען,
נאָר באַלד האָב איך מיך אין מיין כעס קאָנטראָלירט,
און אַנשטאָט צו שרייען האָב איך בלויז סאַרקאַסטיש,
מיט אים, מיט מיין אײדים, אַזאַ שמועס פאַרפירט :

אַזוי גאָר, דו ווילסט שוין אַצינד מיין ירושה,
מיין כסא הכבוד, דערוואָרבען מיט פיין,
דו מיינסט דאָך אודאי איך בין עובר בטל,
און דו ביזט דער איינציגער חכם אַליין.

נו, גוט, כ׳וועל מיין גדלות און רום דיר אָבגעבן,
ווייל דאָס איז דאָך אַלץ וואָס כ׳פאַרמאָג און ניט מער,
נאָר גלויב מיר, הערש ליב, אַז דו מעגסט דיך דאָך שעמען
צו רעדען אַזוי צו דיין אייגענעם שווער!

דו ביזט דאָך אַ חצוף, אַ מענש אָהן נשמה,
האָב איך מיך צולאָזען מיט גאַל אָהן אַ שיעור,
נאָר פּלוצלינג בין איך דאָ אַנטשוויגען געוואָרען,
ווייל ס׳האָט מיר געשטערט גראָד אַ קלאַפּ אין דער טיר.

אַ בריוועל פון סיביל, מיין נערס דאָרט אין דייטשלאַנד,
עס קומט דאָך אויף אורלויב די מוזינקע באַלד,
האָב איך שוין פאַרגעסען דעם שמועס מיט מיין איידים,
און האָב מיך פון שמחה און גליק ווי צושטראַלט.

נאָר דאָס איז אַן ענין, בלי נדר, פאַר שפּעטער,
ווייל היינט האָב איך לאַנג איבערכאַפּט שוין מיין מאָס,
דערפאַר וועל איך קומענדע וואָך אייך ערשט געבען
פון סיביל דעם לעבעדיג הארציגען גרוס.

24-6-1945

---

# סיביל׳ס אורלויב

און אָט איז שוין סיביל, מיין טאָכטער די יונגסטע,
געקומען מיט מזל קיין לאָנדאָן צוריק,
און איך האָב געפרייט זיך, געוויינט און געפרייט זיך,
וואָס איך כאָטש אַליין האָב דערלעבט נאָך דאָס גליק.

ווייל וויפיל מאָל האָבען דאָס ׳שווערע קאָ׳טמאַרען
געדריקט און געפּייניגט מיין גוף און געדאַנק,
ווען איבער מיין קאָפּ האָבען באָמבעס און ראָקעטס
געברומט און געפּיפּען זייער בייזען געזאַנג.

נאָר מיינט ניט אַז אַלץ איז אַדורך גאָר כשורה,
ווען זי איז געקומען אין ׳הויז נאָר אַריין,
ווייל פונקט ווי פאַרגליווערט אָהן וואָרט אויף די ליפּען,
אַזוי איז זי פלוצלינג געבליבען דאָ שטיין.

איך האָב בלויז באַמערקט ווי זי זוכט מ׳יט די אויגען,
און קוקט אַזוי מאָדנע אין שטוב זיך אַרום,
נאָר איך האָב געשוויגען אין טיפע יסורים
און בין אויך געשטאַנען געבראָכען און שטום.

ווייל וואָס איז דען לשון אין צייטען פון טרויער,
ווען איר האָבען ציפּעלע׳ס אָרעמס געפעלט,
כאָטש זי ׳האָט געוואוסט, אַז די מאַמע, מיין זיווג,
שוועבט לאַנג שוין אַרום אין דער בעסערער וועלט.

נאָר באַלד איז איר קאָפּ אויף מיין אַקסעל געפאַלען,
און זי האָט זיך ביטער און שרעקלעך צעוויינט.
געקושט און געהאַלזט מיך און ווידער געכליפּעט,
און איך בין געווען אין מיין צער ווי פאַרשטיינט.

נאָר דאָ האָט מיין איידים הערש לייב זיך באַוויזען
און מיך אויסגע׳מוסר׳ט, ניט שען ליבער שווער,
אַ איד און דערצו שוין אַ זקן אין יאָרען
דאַרף האָבען אויך שכל אַ קאַפּיטשקע מער.

איר ווייסט דאָך דעם פּסוק פון נתן און לקח ,
האָט ער זיך צושמייכעלט און קאַלט מיך געטרייסט,
און האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אויך פון מ׳יר בלייבען
וועט מער ניט ווי נאָמען און מער ניט ווי גייסט.

איך ווייס, אפשר איז ער גערעכט אויך, מיין איידים,
ער איז דאָך אַ מענש וואָס באַגרייפט און פאַרשטייט,
אַז קיין זאַך איז אייביג, געבוירען, פאַרגאַנגען
נאָר ס׳בלייבט אויף אַן אָרט בלויז דער סוד פון דער צייט.

נאָר כ׳בעט אייך, זייט מוחל, וואָס איך האָב געשילדערט
די דאָזיגע סצענע, מיין ביטער געמיט,
כאָטש יעדער פון אייך האָט באַזונדער זיין פּעקעל,
און טראָגט עס געהאָרכזאַם און ווערט גאָרניט מיד.

טאָ וואָס טאַקע קלאַפּ איך אומזיסט אייך אַ טשייניק
מיט מעשות, מיט צרות, וואָס טרעפן זיך מיר,
אַז איר האָט געווּג אויך צו זינגען פון דאגות,
וואָס לאָזן ניט אויס אויך אייער אייגענע טיר

ווייל ווירקליך, וואָס קימערט אייך סיביל מיין טאָכטער,
און אַז אין ווייטשעפּעל נעבוירען, וואָס איז,
נאָר באַלד וועט איר הערן, אַז זי האָט אַ שייכות
צו אייך און צו אַלע און מיר אויך געוויס.

כאָטש זי איז צום טאַטען אַהיים בלויז געקומען
און ניט אייך צו העלפן באַשטימען אייער וויל,
דאָך איז זי פאַרכאַפּט אין געפילדער געוואָרען,
און אויך אויף איר אורלויב געפונען אַ ציל.

ווייל ווי נאָר זי האָט זיך באַרוהיגט, פאַרגעסן,
איז זי אין דער גאַס גלייך אַרויס מיט געשריי.
מיט גוף און נשמה אַריין אין דער אַקציע
פאַר וואַל־פּראָפּאַגאַנדע פון „לייבאָר“ פּאַרטיי.

אַט דאָס איז דער נחת וואָס כ׳האָב פון די קינדער,
אַז זיי ליגט אין זין בלויז דער וואוילשטאַנד פון קהל,
אַבי ס׳זאָל אַ וועלט זיך אַ נייע באַשאַפן ,
און הונגער און נויט כאָטש פאַרשווינדען אמאָל.

פרעג איך זי דאָך, סיביל, וואָס איז דאָס דיין עסק,
ווי עולם רבותי וועט וויילען אַצינד,
אַז איך האָב גאָר מורא ס׳וועט בלייבען ביים אַלטען,
ווייל ס׳איז דאָך די מאַסע אָפּט נאַריש און בלינד.

אז ס'איז „קאַמאַן סענס", ניט געראַכט זאָל עס ווערען,
אַ חוש וואָס שטייט בלויז ביי יחידים נאָר איין,
דערפאַר טאַקע וואוינט דאָך דאָס געלד אין פאַלאַצען,
און שכל אין קעלערס פון נויט און פון פיין.

אַט נעמט אייך אפילו אייער טאַטען אַלס ביישפּיל,
דאָס הייסט מיך אַליין, שוין אַ מענש מיט פאַרשטאַנד,
צי האָב איך אַן אַנזען אין מלכות ווייטשעפּעל
צו ווערען באַשטימט כאָטש אַלס פרעמיער פון לאַנד?

אַ נעכטיגער טאָג! און די סיבה איז פשוט,
וואָס איך גיי אַרום ניט מאַסקירט און פאַרשטעלט,
און פרעדיג בלויז אמת'ע פרייהייט און גלייכהייט,
אַ זאַך וואָס איז סם פאַר דער הערשענדער וועלט.

ווייל טאַקע פאַרוואָס איז דער רייך און דער אָרים,
ווען ס'איז אונז דער זעלביגער גורל באַשערט,
אַז ס'לערנט אונז דאָך שטענדיג די תורה די אַלטע,
דער הימעל צו גאָט און פאַר מענשען די ערד.

און דאָך איז די ערד אין באַזיץ בלויז פון פּריצים,
און ניט אין רשות פון דעם עמך און שטאַאַט,
ווייל ס'שרעקט זיך די דומהייט אַז אָהן בעלי בתים,
וואָלט אפשר די מאַסע קיין ברויט ניט געהאַט.

טאָ וואָס קענט איר, קינדער, אויסקעמפען, דערוואַרטען,
ווען „בלאָף" טראָגט די קרוינען פון אייביג שוין אָן,
און עולם איז גולם געוועזן און פאַרבליבען,
און פאָלגען אַלץ אויס וואָס מען הייסט זיי נאָר טון?

און אויב ניט זינאָוויעוו איז לאַסקי אַן ענין,
אַבי אַ סטראַשידלע אין אימה באַקליידט,
און באַלד הערט מען אַמן אויף „נאַציאָנאַל" רופען,
וואָס האָבען די מוחות פאַרפּאַסט פשוט צודרייט.

און וועט מען זיי זאָגען, אַז איך בלויז ר' למך,
בין שולדיג, ווען זיי פעלט אָפּט ארבייט און ברויט,
צי וועט איר דען קענען דער מאסע באווייזען,
אַז איך לעב ווי זיי אויך אין אָרעם פון נויט?

טאַ פּאָלגט, קינדער, ליבערשט אייער טאַטען דעם אַלטען,
און שטעקט ניט אייער אידישען נעזעל אין גאַס,
ווען סקוויטשעט דער בלאָף מיט אַ בייזער גבורה,
דערהערט זיך דאָס קול אויך פון פיינדשאַפט און האַס.

האָט פעני געענטפערט אַז איך קוק דורך ברילען
מיט אויגען פון זקנה פאַרנעבעלט און גרוי,
און סיביל האָט איינפאַך צולאַכט זיך אַז איצטער
איז מער ניט די מאַסע פאַרבלענדעט אַזוי.

הערש לייב בלויז וואָס האָט בעת מיין רעדען געשוויגען,
האָט פּלוצלינג די אַרבעל פון אָרעם פאַרשאַרצט,
און פונקט ווי אַ גיבור צום סוף זיך צושריען,
אַז איך טו אַן עוולה וואָס כ'מאַל אַלץ פאַרשוואַרצט.

נישקשה, האָט ער זיך צוקאָכט און צו'טענה'ט,
איצט איז שוין ניט מער ווי אַמאָל איז געווען,
ווייל קליג איז די מאַסע, וואָס ארבייטען, שאַפען
און קענען אַ חילוק אַנטאַפּען און זען.

האָב איך זיי געענטפערט מיט כעס און צוצאָרענט,
צי ווילט איר אַ „לייבאָר" געסטאַפּאָ פאַר אייך,
עס האָט דאָך אונז טשאָרטשיל דער גרויסער געוואָרענט,
אַז עטלי וויל מאַכען מיך אָרים פון רייך.

און וואָס וועט אויך זיין מיט מיין „סייווינג" די פונטען,
וואָס איך האָב זינט יאָרען פון עסען געשפּאָרט,
ווען איך וועל ניט שטימען פאַר שקר, שלים־מזל
פון שטן מזווג געוועזן און געפּאָרט?

און וואָס קען נאָך ווערען פון אַלע פאַרשפּרעכענס,
פון בעווערידזש פּלאַן, און פון ביליגער ביר,
כאָטש ס׳לאָזט פון דעם אַלעם זיך אויס אָפּט אַ בוידים,
און ס׳בלייבט בלויז ביים רודער דער אַלטער גביר.

נאָר דאָס איז אַ מעשה אָהן סוף און אָהן אָנהויב,
אַ כשוף׳דיג ראָד בלויז וואָס דרייט זיך און דרייט,
כאָטש ס׳רוקט זיך דער לוח פון דורות און דורות ,
נאָר שכל גייט קיינמאָל ניט מיט מיט דער צייט.

גערעדט דאכט זיך לאָגיש אַזוי ווי אַ טאַטע,
נאָר דענקט איר, אַז דאָס האָט געווירקט גאָר אויף זיי,
נו, ווייס איך דאָרט וואָס, אַז די קינדער זיי מיינען,
אַז דאָס וואָס איז איצט איז דאָך אַנדערש און ניי.

איז טאַקע מיין פּעני, הערש לייב און מיין סיביל
אַרויס אויף צו „קענוועסען" שטימען אַלץ מער,
און איך בין אין הויז ווי פאַרגעסען געבליבען,
אַ מענש וועלכער איז ניט אַהין און ניט אַהער.

אָט האָט איר אַ טאָכטער געקומען אויף אורלויב,
ווען איך האָב אויף איר שוין געוואַרט אַזוי לאַנג,
אַז ניט איך, דער טאַטע, נאָר וואַלען און „לייבאָר"
האָט תיכף פאַרכאַפּט און באַהערשט איר געדאַנק.

נאָר גייט און האָט טענות צו הײַנטיגע קינדער,
וואָס לעבען אין צייטען משונה׳דיג שלעכט,
אַז וואָס נאָר איר זאָלט זיי ניט עצה׳נען, זאָגען,
דאָך מיינען זיי אַלץ איז איר זענט ניט גערעכט.

און איך, למך, שוטה, אומזיסט האָב גע׳חלום׳ט,
אַז זיי וועלען שטענדיג געהאָרכזאַם מיר זיין,
און נענטער נאָך ווערען צו מיר אין מיין עלענד ,
ווען איך בין פאַרבליבען שוין איינער אַליין.

נאָר וואָס קען מען טון, אַז מיר קעמפּען פאַר אַלע,
און זען בלויז אַליין ניט דעם אייגענעם וויי,
אַז מיר זיינען תמיד ווי געסט אין דער פרעמדקייט,
אפילו ווען ס׳ווערען אָפּט פעלקער שוין פריי.

בע, מע, וואָלט הערש לייב מיך אודאי גע׳מוסר׳ט,
ווען ער וואָלט געוואוסט וואָס איך דענק איצט און טראַכט,
און מיט אים וואָלט פעני און סיביל בתוכם
פון נאַרישען טאַטען אויך חוזק געמאַכט.

אַ גליק נאָר וואָס עני, מיין מיטעלסטע טאָכטער,
איז עפּעס ווי אַנדערש אין בליק און פאַרשטאַנד,
ווייל זי פילט בחוש שוין אַז בעסער פון גלות
איז ־ערגעץ אַן אייגענע היים און אַ לאַנד.

נאָר זעט נאָר ווי איך האָב מיך פלוצלינג צוערענסט,
קיין סימן פון קיבעץ, קיין רמז פון שפּאַס,
אַזוי אַז מיר דאַכט זיך, אַז אויך איר, רבותי,
קוקט קרימלעך אויף מיר שוין מיט קאַלטקייט און כעס.

און אפשר וואָלט טאַקע געווען שוין אַ יושר,
אַז איך זאָל מיין נודעכץ פאַרענדיגען פּאָרט,
און געבען די יוגענד, הערש לייב׳ן „מיין ווינקעל“,
אַבי נאָר צו הערען אַ לעבעדיג וואָרט.

נאָר זאָגט מיר, אדרבה, ווי קען איך מיך פרייען,
ווען ס׳גייט דאָס שלים־מזל מיר נאָך אומעטום,
און איז שוין מיין סיביל אויף אורלויב געקומען,
לויפט זי גאָר פאַר וואַלען אין גאַס דאָרט אַרום.

זיץ איך מיר אַליין אין דער שטוב ווי פאַרגעסען,
(הפנים, טראַכט איך מיר, אוי, למך, ווערסט אַלט),
און טראָג מיך אַרום אין אַ וועלט פון זכרונות,
אַ וועלט וואָס בייט קיינמאָל איר נאַריש געשטאַלט.

נאָר גאָרניט אַן עסק, מיר זיינען דאָך מענשען
מיט אויגען און אויערן, מיט קערפּער און קאָפּ,
און ס׳דאַכט זיך אָפּט אויס, אַז געשיכטע גייט פאָראויס,
ביז אַלץ קאָכט זיך איבער אין זעלביגען טאָפּ.

איר זעט דאָך אַליין ווי איך מאַטער זיך נעבעך,
פאַרפּלאָנטערט אין נעצען פון פּלפּול נאָר בלויז,
פאַרבלאָנזשעט אויף וועגן פון ווילדע רעיונות,
און ווייס שוין אַליין ניט ווי קריכט מען אַרויס.

דערפאַר זאָג איך צו אייך, רבותי, ווייטשעפּעל,
די קומענדע וואָך שוין גאָר אַנדערש צו זיין,
צו מאַכען העוויות און לאַכען מיט חוזק,
און ניט בלויז פון אייך נאָר פון מיר אויך אַליין.

1-7-1945

---

## פאַרשפּרעכונגען

שוין איבערגעלעבט אויך דעם שטורם פון די וואַלען,
די כוואַליעס פון ווערטער און ימים פון רייד,
און אַלץ איז געבליבען כמעט ווי ביים אַלטען,
ווי נאָר עס שטילט איין זיך די היץ פון א שטרייט.

און איצט וועט איר פרעגען, וואָס קען מען דערוואַרטען
פון אַלע פאַרשפּרעכענס פאַר וואוילשטאַנד און גליק,
וועל איך אייך בלויז זאָגען, זייט מוחל, רבותי,
און מישט די געשיכטע אויף דורות צוריק.

ווייל אין די אַרכיוועז דאָרט ליגען באַהאַלטען
די קברים פון מתים-הבטחות א סך,
די שענסטע חלומות פון צייטען פאַרגאַנגען,
און לאַנג שוין פאַרגעסען אין מענשליכער שפּראַך.

אייך איז דאָך באַקאַנט אויך דאָס ווערטעל דאָס אַלטע,
ווען כ׳דאַרף אייך דאָן קוש איך אייך פּשוט די הענט,
און ווי נאָר איך בין מיר אַ נגיד געוואָרען,
האָב איך אייך שוין מער ניט געגריסט און דערקענט.

און אויב איר מיינט טאַקע, אַז איצט וועט זיין אַנדערש,
דאָן לעבט איר אין הימעל און ניט אויף דער ערד,
ווייל צוזאָג איז ביליג און קאָסט ניט קיין פּרוטה,
אַבי נאָר איר רייט שוין גאַנץ הויך אויף דעם פערד.

אין האָט איר אַן עוולה, טאָ ווער איז אייך שולדיג,
ווען איר האָט אַליין מיר געגעבען די מאַכט,
געלאָפען צום קעסטעל, באַשטימט מיך אַלס פירער,
און האָט זיך אפילו קיין רגע פאַרטראַכט.

און מיינט איר איך שפּאַס און איר ווילט מיר ניט גלויבען,
דאָן נעמט אייך, להבדיל, אַן אייגענעם פאַקט,
אפילו ביי אונז דאָ במדינת וויטשעפּעל,
וואו אַלץ ליגט איצט רוהיג אין שווייגען פאַרפּאַקט.

ווי לאַנג גאָר צוריק האָט געקאָכט מיט די וואַלען
פאַר שול פּעדעריישאָן, מיט מיטינגס, געשריי,
און יעדער האָט איינפאַך געגלויבט און ערוואַרטעט,
אַז ס׳הינדעל וועט לעגען אַ גאָלדענע איי.

עס האָט נאָר דער שטורם פּעדעריישאָן געביטען
די נעמען פון מענשען און שטולען נאָר בלויז,
און פּונקט ווי ס׳איז תמיד נאָך יעדע מין וואַלען,
האָט אויך דאָ דער באַרג נאָר געבוירען אַ מויז.

ווייל וואָס איז דער חילוק ווער ס׳זיצט אויף דעם בענקעל,
אַ איד אָהן פּרעטענציעס צי ר׳ אהרן רייט,
ווען ס׳בלייבט אַלץ דער זעלביגער אָנגאַנג און שטיינער,
ווי ס׳וואָלט אויף אַן אָרט אַיך געשטאַנען די צייט.

אַבי נאָר עס ווערען בכבוד באַגראָבען
די אידען וואָס צאָלען פיר פּענים אַ וואָך,
און קיינער מאָנט מער שוין פון זיי ניט קיין גראָשען,
בלויז סיידען עס קומט צו מצבות דערנאָך.

אַז כ'זאָג אייך, איך בין אָפּט מקנא די מתים,
וואָס ליגען במנוחה אין קבר'דיג בעט,
דאַן מעגט איר מיר גלויבען איך בין ניט משוגע,
און איך וויים גענוי יעדעס וואָרט וואָס איך רעד.

ווייל מאָלט אייך כאָטש אויס נאָר דעם נחת דעם גרויסען
שוין מער ניט צו הערען פון וואלען דעם בלאָף,
און ליידען אומזיסט בלויז פון פּוסטע פאַרשפּרעכענס,
וואָס לייזען זיך אויף ווי חלומות אין שלאָף.

צי נעמט אייך די כשרות און שחיטה באָארד פּירער,
וואָס לאָזען זיך הערען אין יובל אַמאָל,
ווען ס'סטראַשען די שוחטים צו סטרייקען און קעמפען
על קידוש השם פאַר אַ העכער געצאָל.

אַז אַלץ איז פראָסט פּשוט נאָר מסחר־יאַרידען,
די הייליגע תורה אַליין מאָנט אויך געלט,
אַזוי טענה'ן אָפּט דאָ אפילו רבנים,
וואָס מיינען אַז ס'שטייט בלויז אויף קמח די וועלט.

עס האַנדלען אַזוי אויך די שול־פּרעזידענטען,
וואָס זאָגען אונז צו כאָטש אַ קידוש ביי זיך,
און ווי נאָר זיי ווערען דערוויילט און דערהויבען,
ווערט צוזאָג און אַלעס פאַרגעסען גאָר גיך.

אַזוי איז דער דרך זינט יאָרען קדמונים,
און גלויבט מיר, דער מענש וועט שוין אַנדערש ניט זיין,
ווען איך דאַרף אייער טובה דאַן בעט איך אייך רחמים,
און שפּעטער לאַך איך אין מיין פויסט שוין אַריין.

איך וואָלט אייך געברענגט נאָך פיל אַנדערע פאַקטען,
אַז אַלעם איז שטותים און חוזק געמאַכט,
נאָר דאָ האָט הערש לייב זיין געדולד שוין פאַרלוירען,
און איינפאַך אין פנים אַריין מיר געלאַכט.

געוואַלד, וואו פאַרקריכט איר, האָט ער זיך צושריען,
וואָס פּטר'ט איר טינט און אייך גוטע פּאַפּיר,
צי מיינט איר דער עולם האָט אייזערנע נערוועז
צו הערען אייך נודיען אָהן סוף און אָהן שיעור?

צי פעלען דען אַנדערע גרויסע פּראָבלעמען,
וואָס וואַרטען אויף לייזונג און קלאָרען אויפקלער,
ווי חינוך, קדישים, קולטור און מקוואות,
וואָס זיינען ביי אונז ניט אַהין און אַהער?

און איצטער ווער שמועסט נאָך די מענשען „די גרויסע“,
וואָס לעבען באַפעסטיגט אויף קהל'שע קעסט,
און מאָנען מיט חוצפה נאָך בראַוואָס און כבוד,
ווען זיי קומען טיילמאָל צו אונז דאָ אַלס געסט.

נאָר ווייטשעפּעל עולם לאָזט בלינד זיך פאַרפירען,
און פרעגט ניט קיין שאלות צי דאַרף אַזוי זיין;
ער מיינט ער מוז דינען צו יעדען מין „פירער“,
וואָס ער האָט דערווײלט און האַלט אוים אויך אַליין.

אַז אַלץ איז ביי אייך דאָ צודרייט און משונה,
אָהן טעם און אָהן ריח, אַ חלשות נאָר בלויז,
אַ מישמאַש פון שטריימלעך און הויכע צילינדערס,
און וואו נאָר אַ גאַרניט, ביי אייך איז ער גרויס.

איך וואָלט אויך דערמאָנט זייערע נעמען בפרהסיא,
נאָר כ'שרעק מיך פאַר „לייבעלס“, מסירות און נויט,
ווייל אמת באַליידיגט פיל מער ווי חניפות
אויף פאַלשקייט און שקר שקרים געבויט.

אַט האָט איר אַ גיבור, האָב איך מיך צו׳חוזק׳ט,
ער רייסט זיך צו פּולווער און שרעקט זיך פאַר קריג,
אַן איידים אַ ביסעל, דער מאַן פון מיין פּעני׳ן,
וואָס מעקעט און ציטערט פון קעלט ווי אַ ציג!

טאָ שווייג שוין, האָב איך אים אַזוי ווי גע׳מוסר׳ט,
און הויב מיט ווייטשעפּעל שוין בעסער ניט אָן,
ווייל שרייען אָהן תכלית אַרויף צו לבנה,
דאָס האָב איך פאַר דיר שוין פיל מאָל דאָ געטון.

דער עולם, הערש לייב, ווייל דאָך נעמען פון מענשען,
גדולים, קטנים, באַקאַנט אויף דער גאַס,
אַז ניט איז דאָך זינלאָז דיין חכמה פון קריטיק,
און פשוט בטלנות, ברחנות דיין שפּאַס.

כאָטש אמת, איך ברעך מיר דעם קאָפּ צו געפינען
אַ יחיד, אַ טיפּ אין דעם אידישען וואַלד,
ווייל פּונקט ווי די הייזער פון זעלבינגען אויסזען,
האָט יעדער ביי אונז דאָ דאָס זעלבע געשטאַלט.

אַז יעדערער מנהיג זוכט רום און פּרנסה
על חשבון המאסע, וואָס נעמט אַלץ פאַר ליב,
און פוילט זיך צוזען ווי דאָס אידישע לעבען,
זינקט יעדעם מאָל טיפער אַראָב אין אַ גריב.

נאָר דאָ האָט זיך פּעני געשטעלט שוין פּאַר־באַקיעם,
און מיך מיט אַקטיאַרישע בליקען באַטראַכט,
וואָס איך האָב ביז איצט נאָך קיין איינציגען נאָמען
פון ווייטשעפּעל לאַנד פאַר דעם ליכט ניט געבראַכט.

ווייל האָט דען דאָס פּאָלקס הויז און נאָך אַ טעאַטער
פאַר אונז ניט פאַרשפּראָכען בלויז קונסט און קולטור,
נאָר וואָס איז פון עסק דעם גאַנצען געוואָרען
מער ווי אַ חלום גאָר ווייט פון דער וואָר?

נאָר שולדיג איז ניט דאָ די קינסטלערין טאָפּעל,
וואָס שפּילט דאַכט זיך תמיד מיט חן און טאַלאַנט,
צי מייזעלס, די מאַמע פון שלום עליכם,
וואָס לעבט דורך איר ראָלע מיט טיפען פאַרשטאַנד.

צי גאָר מעטאַ סעגאַל, וואָס טויג זיך צו אַלעם,
צו דראַמע, קאָמעדיע, טראַגעדיע, געזאַנג,
און נאָך אַקטריסעס באַגאַבט פאַר דער בינע,
וואָס זיינען באַקאַנט אין וויטשעפּעל שוין לאַנג.

די שולד ליגט אויף אייך בלויז, איר שרייבער, נגידים,
וואָס קומען נאָך פריי אין טעאַטער צו גיין,
און יענע פיין־שמעקער, די כלים די פּוסטע,
וואָס בלאָזען זיך נאָך, ווען מען לאַדענט זיי איין.

אפילו אויך דו, ליבער טאַטע, ר׳ למך,
ביזט איצטער גאָר אַנדערש ווי דו ביזט געווען,
דו דרייסט מיט דער נאָז ווען דער עולם רבותי
פּאַטשט בראַוואָ פאַר האָפּקעס באַצאָלטע צו זען.

ישאַ, פעני, אַ חוצפּה! — האָב איך מיך צו׳ברוגז׳ט —
אויך מיך ביזט דו חושד און מישסט מיך צוזאַם
מיט נעבעך פיין־שמעקער, וואָס געניצען שטענדיג,
און פילען ניט קיינמאָל פון לעבען דעם טעם?

איך האָב מיט איראָניע געקרומט זיך פאַר פעני׳ן,
ביז וואַנען ס׳האָט סיביל גענומען אַ וואָרט,
און מיך מיט איר שמייכעל געקילט און באַרוהיגט,
ווען זי האָט מיך פלוצלינג באַצייכענט אַלס ספּאָרט.

אויך סיביל, זאָל לעבען, האָט זיך אירע טענות,
זי קוקט ווי אַ נערס בלויז אויף אַלץ וואָס געשעט;
איר ליגען אין זינען נאָר קראַנקע, שפּיטאָלען,
ווייל דאָס איז אַליין וואָס זי פילט און דערזעט.

דער בעווערידזש פּלאַן, מיינט מיין ליבע מוזינקע,
איז נעבעך אַ חולה מסוכן שוין איצט,
און קיינער באַמיט זיך אים מער ניט צו היילען,
כאָטש נעכטען האָט יעדער פאַר אים זיך געהיצט.

עס האָט זיך אפילו דער דאָקטאָר דערשראָקען
צו ווערען אַ מענש אָנגעשטעלט פון דעם שטאַאַט,
ווייל גלייך צו באַהאַנדלען דעם קבצן און נגיד,
דאָס וואָלט דאָך אַ פּנים אויף חוזק געהאַט.

טאָ גיי און האָב קינדער, אַז ס'קאָסט אַ מאַיאָנטעק,
אַז „טווייליייט" איז ניט פאַר אביונים ווי מיר,
נאָר בלויז פאַר די ווייבער אין רייכע פּאַלאַצען,
וואָס לעבען אין לוקסוס און וואוילטאָג אָהן שיעור.

וואָס „טווייליייט", וואָס דאָקטאָר, גענוג שוין געפּלאַפּלעט,
האָב איך מיך געבעטען ביי סיביל מיין קינד,
דו האָסט מיך ווי פּעני, הערש לייב אויך צוטומעלט,
אַז איך וויים שוין מער ניט וואו האַלט איך אצינד.

עס וועט דאָך דער עולם, חלילה, נאָך מיינען,
אַז איך בין שוין טיף אין דעם תמוז אריין,
אַז בלויז נאָר די היץ און געדאַנקען צודרייטע,
זיי שרייען אַרויס פון מיין גאַנצען געביין.

נאָר ווידער האָט מיך ווי אַ נס דאָ געטראָפען,
ווען איך האָב מיך פּלוצלינג דערמאָנט אין מיין גליק,
אַז עני, מיין סאַרזשענט „דעמאָבט" איז געוואָרען,
און קומט שוין באמת צום טאַטען צוריק.

האָב איך באַלד מיין ברוך־הבא אויפגעהאָנגען,
אַזוי ווי געוועגליך אין גאַס אויף מיין ,וואַנד,
זאָל יעדער זיך פרייען וואָס א.ט.ס. עני
פאַרלאָזט שוין דאָס דייטשע פאַרשאָלטענע לאַנד.

נאָר וואָס פאַר אַ גרוס ס'האָט געבראַכט מיר מיין טאָכטער,
און וואָס עס איז ווייטער געשען אין מיין הויז,
דאָס וועל איך מסתמא פאַר אייך נאָך דערציילען
באריכות, במנוחה, פאַר קליין און פאַר גרויס.

8-7-1945

---

## מיינע קינדער

געקומען איז ענדליך אויך עני בשלום
לבית אביה (דאָס מיינט זי צו מיר),
און ווידער אַ סצענע, מינוטען פון שווייגען,
נאָר גובר געווען האָט די יוגענד אין איר.

צוקושט זיך מיט פעני, הערש לייב און מיט סיביל,
איז באַלד שוין געוואָרען גאָר פריילעך אין הויז,
אַן אָנלויף פון שכנים, געפּילדער, געלעכטער,
ווייל יעדער וויל זען ווי אַ העלדין זעט אויס.

טאָ שטופּט זיך דער עולם און פרעגט ביי איר קשיות,
ווי לעבען די דייטשען אין דייטשלאַנד אצינד,
צי איז זי געווען אויך אין בוכענוואַלד, בעלזען,
און ווען הויבט זיך אָן שוין די שטראָף געגען זינד?

וואָס דענקט מאַרשאַל זשוקאָוו, און אייזענהויער, מאָנטי
צו טון מיט די נאַציס שוין איצט נאָך דעם זיג,
צי וועלען זיי טאַקע אויף אייביג פאַרניכטען
דעם ווילען פון פאָלק דאָרט צו מאַכען נאָך קריג?

צי פאָלגט די אַרמעע אויס די שטרענגע באַפעלען
צו זיין פון די גרעטכענס אַלץ מער פון דער ווייט,
צי אפשר איז אַלץ בלויז אַ מין נאָר לפּנים,
וואָס האָט גאָר לחלוטין דעם קלענסטען באַדייט?

וואָס איז דער מעדאַל אויך ביי איר אויף דעם טוניק,
צי האָט זי באַוויזען אַ העלדישען טאַט,
און האָט זי, מיין עני, אין קאַמף געגען שונא
אויך גרויסען ערפאָלג און נצחון געהאַט ?

צי וועט סאַן פראַנציסקאַ כאָטש ברענגען דעם פרידען,
און ווירקזאַמער זיין ווי דער אַלט־פעלקער־בונד,
צי בלויז מיט פאַראַדען און פאַרם גאַסטראַלירען
אויף בינע־געשיכטע אין פיעסען פון שונד ?

צי האָט זי גערעדט מיט די שארית הפליטה,
גערעטעט פון לאַגערס פון טויט און פון פיין,
און האָט זי געטרייסט זיי מיט גאולת האומה
אַז ס׳וועט נאָך אַן עתיד אַ ליכטיגער זיין ?

און וואָס האָבען זיי איר געזאָגט און געענטפערט,
ווען זי האָט מיט ווייטאָג זייער עלענד באַטראַכט,
און ווי זעען אויס דאָרט די קינדער יתומים,
וואָס האָבען אין שוים פון גיהנום פאַרבראַכט ?

נאָר דאָ האָט הערש לייב זיין געדולד שוין פאַרלוירען,
ווען ער האָט באַמערקט ביי מיין טאָכטער אַ טרער,
און ממש צו׳כעס׳ט זיך אויף עולם די שכנים,
עד כאן מיט די שאלות און פרעגט שוין ניט מער !

אַ חוצפה פון מענשען, האָט ער זיך צושריען,
צו קומען אין שטוב ניט פאַרבעטען זאָגאַר,
און שטערען די שמחה פון למך׳ם משפחה
נאָך יאָרען פון בענקשאַפט, פון אַנגסט און פון צער.

צי מיינט איר, אַז זי איז אַ קהל׳שע העלדין,
און איר נאָר אַליין האָט אויף איר דעם פאַטענט,
אַז זי איז פאַר אייך בלויז „רעמאָבט" איצט געוואָרען,
כאָטש איר האָט זי פריער גאָר קיינמאָל דערקענט ?

אויב יאָ, מעגט איר טאַקע זיך שעמען, איר שכנים
וואָס אייך פעלט דאָס איינזען מיט אונז אַלע דאָ,
און ווילט ניט באַגרייפן, אַז אויך דאָס בית למך
איז פונקט ווי דאָס בית דין באַרעכטיגט צו רו.

גערעכט, האָט אים פעני, זיין ווייבעל דערמוטיגט,
צי האַלט די געמיינדע מיין טאַטען דען אויס,
אַז יעדער וואָס וויל קען זיך גיין און קען קומען,
ווי ס׳וואָלט אַ הפקרות געווען אונזער הויז.

צי דענקט איר אַז עני איז אייערס אַ ביוראָ
צו ענטפערען פראַגען שוין אַלט ווי די ערד,
און חוץ דעם איז אויך דאָך דער סדר העולם
פאַרניכטונג און בויאונג און ווידער צושטערט.

בלויז סיביל האָט גאָרניט געזאָגט נאָר געשמייכעלט,
ווען עולם האָט זיך שוין גערוקט צו דער טיר,
און איך האָב מיין פנים פון חרפּה באַגראָבען,
ווען יעדער געקוקט האָט מיט פאָרוואורף אויף מיר.

נאָר וואָס פאַר אַ דעה האָב איך דען דער טאַטע,
ווען ס׳קומען די קינדער זיך אַלע צוזאַם,
אַז ווי כ׳זאָל ניט זאָגען די חכמה די גרעסטע,
האָט דאָס אַלץ ביי זיי ניט קיין ווערט און קיין טעם.

זיי מיינען דאָך טאַקע, אַז ס׳איז בלויז דער עיקר
צו האַנדלען אַזוי ווי די גראָבקייט דיקטירט,
און איידעלקייט, טאַקט, איז אַ זאַך פון פאַרצייטען,
ווען ס׳האָט סענטימענט נאָך געהערשט, עקזיסטירט.

נאָר גאָרניט, צי האָב איך מיר דען אַ ברירה,
אַז איך פיל מיך פונקט ווי אַ פרעמדער מיט זיי,
און וואָס כ׳זאָל ניט טענה׳ן מיט שטראָף רייד און מוסר,
איז אויך דאָס פאַר זיי שוין באַקאַנט און ניט ניי.

אפילו מיין טאָכטער, די העלדישע סאַרזשענט,
האָט אויך שוין אויף מיר גאָר קיין אכט ניט געלייגט,
האָב איך מיר באַשלאָסען ניט פרעגען קיין שאלות,
ווייל אָפטמאָל איז בעסער ווען אימיצער שווייגט.

און זיינען מיר אַלע אַליין שוין פאַרבליבען,
האָט עני זיך פּלוצלינג צעוויינט מיט אַמאָל,
אַז זי זעט אין ערגעץ פאַר אונז ניט קיין צוקונפט
אַחוץ אין דעם היים-לאַנד פון ארץ ישראל.

נאָר באַלד האָט זי מיך אויך באַוואָרפען מיט פראַגען,
וואָס הערט מען ביי אונז אויף ווייטשעפעל ירידֿ,
איז טאַקע צבי ארנשטיין אַלץ דאָ נאָך אַ בחור,
וואָס לעבט פון מלמדות און ווערט גאָרניט מיד?

צי שרייבט ער אמאָל נאָך די טשאַרטקאָווער מעשות,
אַזוי ווי אַ חסיד פון רבי'שען הויף,
און „דרילט“ ער אַריין נאָך בר מצוה הפטורות
אין קעפּלעך אָפּט האַרטע, אָהן צוועק און אָהן סוף?

און וואָס מאַכט ווילענסקי דער מזרח מנהל,
וואָס האָט איצט זיין אָרעם צו צפון פאַרשפּרייט,
און וואַנדערט אַרום אין דעם גלות ווייטשעפעל
אַזוי ווי אַ מענש פון אַן אַנדערער צייט?

און איז אויך ר' ביאַלסקי אַ נגיד געוואָרען
פון לערנען תּלמידים חזנות שוין לאַנג,
און האָט כאָטש פּראָפעסאָר שמואל עלמאַן געשאַפען
אַ כאָר דאָ אַ נייעם פאַר פאָלקס ליד געזאַנג?

צי לעבט נאָך דער תרבות און ווער איז זיין פירער,
און וואָס מאַכט דער אַנגלאָ־און־פּאַלעסטיין קלוב,
צי קומט נאָך אַהין דאָרט מיין פריינד ראַווידאָוויטש,
ווען ער כאַפּט אַמאָל זיך קיין לאָנדאָן אַראָב?

געוואַלד, האָב איך מיך אַ צומישטער צושריען,
גענוג מיט די שאלות, אוי עני, מיין קרוין,
דו מיינסט אַז מיין קאָפּ איז פון בראָנז אויסגעגאָסען,
און כ'האָב מער קיין אַנדערע דאגות ניט שוין?

אַן אונגליק אַ ביסעל, בלויז קשיות און פראַגען,
אַ שיינער אַהיים־קום, פאַר קיינעם געדאַכט,
אַז איך קען קיין לייטישען וואָרט מער ניט זאָגען,
אַזוי ווי מיין מויל וואָלט געווען שוין פאַרמאַכט.

נאָר דאָ האָט העריש לייב אויף דאָס ניי זיך צו'חזק'ט,
אַז אַלץ וואָס איך שרייב איז פאַר „סאָלווייזדזש" בלויז גוט,
אַז איך בין אַ גזלן, ווייל כ'פּייניג ווייטשעפּעל,
און האָב פאַר „גודביי" אויך אפילו קיין מוט.

ער האָט מיך נאָר בלויז ווי אַ טאַטען גע'עצה'ט,
אַזוי אַז דער כעס האָט אין מיר זיך צעיאָגט,
ווען ער האָט באַטראַכט מיך מיט וויי און רחמנות,
און פּשוט וואָרט־ווערטליך אַזוי מיר געזאָגט:

איר פאָלגט מיך און מאַכט אייער „עקסיט" ווי אַ חכם,
און כל זמן אייער נאָמען שמעקט נאָך ווי אַ קראַנץ,
ווייל שטאַרבען אין צייט אין מינוטען פון גלאָריע
מיינט בלייבען אויף אייביג אין רום און אין גלאַנץ.

איר זעט דאָך אַליין, אַז איר האָט שוין פאַרלוירען
דעם „קיק" אין אייער קיבעץ, זיין שטאַרקייט און קראַפט,
ווייל ס'געניצט דער עולם און קוקט אויף אייך מאָדנע
מיט בליקען פאַר'חידוש'ט און אויגען פאַרגאַפט.

זיי טראַכטען אודאי און פרעגען זיך אַלע,
איז דאָס אונזער למך, וואָס פּייניגט זיין פּען,
אַ ביטער רחמנות ווי זקנה פאַרעלטערט,
אַז ס'איז פון זיין שרייבעכץ שוין גאָר ניט צו זען.

און דאָך האַלט ער זיך ווי פאַר׳עקשנ׳ט ביים עמוד,
אַזוי ווי אַ חזן אָהן קול און אָהן ציין,
וואָס זיפּט דורך די ליפּען אַ פּירוש המלות,
וואָס קיינער קען מער ניט דערהערען, פאַרשטיין.

און טאַקע ווי לאַנג איז דער שיעור נאָך צו בלייבען
אין זאָטעל פון גדלות אַ מידער און שוואַך,
ווען יעדער געדאַנק טראָגט אַ באָרד שוין פון דורות,
און ס׳ווערט דער אין־חדש אַ בולט׳ע זאַך?

דערהערט אַזאַ פראַגע האָב איך מיך פאַרלוירען,
און ס׳האָט זיך דער כעס אין מיר פּלוצלינג געשטילט,
ווייל אויך מיינע טעכטער, פאַר׳דמיון׳ט אין שווייגען,
זיי האָבען דעם טראַגישען אמת דערפילט.

טאָ וואָס זאָל איך טון איצט, גיט, קינדער, אַן עצה,
האָב איך זיי געבעטען מיט רחמים אין בליק,
ווי נעמט מען דאָס כבוד זייט יאָרען דערוואָרבען,
און וואַרפען אין ווייטשעפּעל׳ס פּנים צוריק?

עס וועט דאָך דער עולם רבותי אָפּט בענקען
נאָך מיר און מיין שאַרפזין, מיין קונסט און מיין רום,
און מאַכען הזכרות מיט לויב און מיט שבחים,
מיט דאַנק צו דעם בורא, וואָס איך בין שוין שטום.

דער אַרבייטער רינג וועט מיר שיקען אַ „קערידזש“,
אַזוי ווי עס פּירט פון קדמונים זיך אָן,
און אויף מיין מצבה וועט אויסגעקריצט ווערען
בשמם פון רבנים אַ גאָלדענער האָן.

און אפשר וועט זיך אַ קאָלעגע דערמאָנען
אַז למך איז גאָרניט געווען אַזוי שלעכט,
נאָר דאָס וואָס ער האָט זיך באַטיטעלט אַלס ריכטער
איז פאַלש בלויז געוועזען און קיינמאָל גערעכט.

ווייל אַפּט זיינען נעמען ניט מער ווי א מאַסקע,
וואָס ציט איבער גוף און דעם פּנים זיך אויס,
אַט פּונקט ווי עס זיינען אויך פילע כלי־קודש
ניט מער ווי די כּלים פאַר גשמיות בלויז.

אוי טאַטע, האָט פּעני זיך שטאַרק גאָר געשראָקען,
וואָס פלוצלינג הזכרות, דאָס איז חסד דעת,
ווייל דו וועסט נאָך לעבען עד סוף כל הדורות
צו לייכטען און שיינען ביי אונז אויף דער גאָס!

אודאי, וואָס דען, האָט אויך עני באַשטעטיגט,
עס זיינען דאָך למך׳ס גאָר ווייניג פּאַראַן,
און סיביל, הערש לייב האָבען מסכים געוועזען
צו העלפען פאַרטראַכטען פאַר מיר שוין א פּלאַן.

ווייל ענג איז אין „פלעט״ דאָך סכנות נפשות,
אַז איך מוז שוין שלאָפען אין עס־שטוב אַליין,
דערפאַר דאַרף מען טאַקע געפינען אַן עצה,
וואו איך זאָל איצט וואוינען, פאַרברענגען און זיין.

נאָר אַט פאַר דעם ענין וועט זיין א „רע־יוניאָן״,
(אַזאַ מין באַראַטונג מיט דור׳על נאָך)
און ווי ס׳וועט מיין צ׳קונפט באַשלאָסען דאָרט ווערען,
דאָס וועט איר ערשט הערען די קומענדע וואָך.

15-7-1945

---

## פאַמיליען „רע-יוניאָן״

הקיצור, רבותי, עס האָט שוין געשלאָגען
די שעה פון מיין זקנה צו זאָגען „גוד-ביי״,
און געבען הערש לייב׳ן די גאַנצע ירושה,
„מיין ווינקעל״, וואָס איך האָב געדינט אַזוי טריי.

ווייל טאַקע ווי לאַנג איז דער שיעור נאָך צו שרייבען,
אַז מיר איז מיין פען פונקט אַזוי ווי מיין האַנט,
און ס'פּאַלען שוין שאָטענס אין שליאַך פון מיין לעבען,
וואָס פירט באַרג אַראָב צו אַ טאָל אונבאַקאַנט.

איך דריי מיך אַרום דאָך אַזוי ווי אַ פרעמדער,
עס ווייסט ניט די יוגענד וואָס בין איך און ווער,
אַ דיכטער אין אידיש, אַ בדחן פאַר „עליענס",
אַז אָפּטמאָל דערקען איך אַליין מיך ניט מער.

דאַן פרעג איך מיט ווייטאָג פאַרוואָס כ'בין פאַרבליבען,
ווען ס'איז שוין מיין דור ווי אינגאַנצען אַוועק,
די אידען די שיינע, די בעלי חלומות,
וואָס האָבען געלעבט פאַר אַ תכלית און צוועק.

אָט זעה איך זיי אַלע פאַר מיר אין אַ רייע
די שרייבער, וואָס זיינען באַרימט דאָ געווען,
און איבערגעלאָזען בלויז ביכער־מצבות,
וואָס קיינער באַמיט זיך איצט מער ניט צו זען.

איך זעה אויך די רעדנער, די קעמפער און שאַפער
פון יוניאָנס לטובת דער ארבייטער־מאַס,
וואָס זיינען אין דלות פאַרגעסען געוואָרען,
און קיינער דערמאָנט זיי ביי אונז אויף דער גאַס.

צי וועט רען דיין גורל, אוי למך, זיין אַנדערש,
האָב איך מיר אַליין אָט די שאלה געשטעלט,
עס איז דאָך אַזוי שוין דער סדר העולם,
און ס'וועט קיינמאָל אַנדערש ניט ווערען די וועלט.

אַזוי האָב איך מיר אַלץ געטראַכט און גע'פּלפּול'ט,
ווען איך האָב דערפילט אַז מיין צייט רוקט זיך אָן,
אַז באַלד וועל איך אפשר פאַרשווינדען אויך ווערען,
און מער מיט ווייטשעפּעל ניט האָבען צו טון.

דערפאַר זייט מיר מוחל, וואָס כ׳מוז מיך צואיילען,
און שרייבען וואָס גיכער און מאַכען אַ סוף,
ווייל אָט קלויבט שוין אָן זיך מיין גאַנצער בני בית
וואָס קומען זיך איצט אין „רע־יוניאָן" צונויף.

כאָטש איך ווייס געגוי אויף דעם צוועק פון דעם מיטינג,
דאָך איז מיר אַזוי קאַלעמוטנע און באַנג,
ווייל איך וועל אייך אַלע דאָך מוזען פאַרלאָזען,
און מער שוין ניט זינגען פאַר אייך מיין געזאַנג.

איך ווייס אויך אַז פיל פון די גדולי ווייטשעפּעל,
זיי וועלען זיך פרייען וואָס כ׳בין מער ניט דאָ,
וואָס קיינער וועט מער קיין חסרונות ניט זוכען
און לאָזען די שטותים און חוצפות צו רו

נאָר וואָס קריך איך אַלץ מיר אַראָב פון דעם דרך,
ווען איר ווילט דאָך וויסען דעם סוף און אַן עק,
און איך שלעפּ אייך פּשוט אַזוי ווי אַ גזלן
פון סיפור המעשה און תענוג אַוועק.

הכלל אָט דאָ האָט איר די גאַנצע אַגענדאַ,
געפּלאַנט פון די קינדער פאַר מיר בלויז אַליין;
וואָס טוט מען אַצינד מיט דעם טאַטען דעם זקן,
אַז אים זאָל ניט אײנזאַם און אומעטיג זיין?

אַ מושב זקנים, צי וואוינען ביי מענשען,
און צאָלען פאַר אים אַ פּאָר שילינג אַ וואָך,
און פּטור אַן עסק, ערלעדיגט די „דיוטי",
ווייל וואָס קענען קינדער דען טון אַלץ נאָך?

איר מוזט דאָך באַגרייפען, אַז זיי, מיין בני בית,
זיי זיינען די בעסטע אין גוטסקייט, געפיל,
און סתם מיך פאַרלאָזען און מיך ניט באַזאָרגען,
דאָס וואָלט דאָך געווען גאָר אַ מיאוס׳ער ביישפּיל.

ווייל וואָס וואָלט געזאָגט דען אַ איד אין ווייטשעפּעל,
ווען ער וואָלט געזען ווי איך שלעפּ מיך אַרום,
אַז כ׳האָב ניט קיין ווינקעל דעם קאָפּ וואו צו לייגען,
און בעטעל נדבות וואו כ׳גיי און איך קום?

אַז אָך און אַז וויי וואָס פון אים איז געוואָרען,
ווי שמוציג דער אַלטער ר׳ למך זעט אויס,
אים האָבען די קינדער די גוטע פּאַרטריבען
פון אייגענעם „פּלעט״ אויף די גאַסען אַרויס!

נאָר שאַ, אָט־אָט קומען שוין טאַקע די חברה
מיין סיביל, מיין איידים און פעני זיין ווייב,
צו מאַכען „פּאַסט מאָרטעם״ ניט בלויז אויף מיין צוקונפט
נאָר אויך אויף מיין לעבען, נשמה און לייב.

און נאָך זיי גייט עני און פירט ביי דעם הענטעל
מיין אייניקעל ערשט איצט פון קאַונטרי געבראַכט,
ווייל דאָס איז געוועזן דאָך צו זיי מיין בקשה
כדי איך זאָל וויסען וואָס דוד׳ל טראַכט.

צוקושט זיך, העלאָו, און וואָס מאַכט זיידע למך,
האָט דוד געזעצט זיך ביים טיש נעבען מיר,
באַטראַכט לאַנג הערױ לייב׳ן אַזוי ווי פּאַר׳חידוש׳ט,
און אויף מאַמע פעני געקוקט אַלץ צו איר.

נאָר באַלד האָט מיין איידים גערופען צו אָרדער,
געקלאַפּט מיט דעם האַמער אַז שטיל זאָל שוין זיין,
ס׳זאָל קיינער ניט שטערען ווען עמיץ וועט רעדען,
און ווער ס׳וויל אַ וואָרט זאָל זיך מעלדען אַליין.

איז סיביל די ערשטע פון פּלאַץ אויפגעשטאַנען,
צופּודערט איר נעזעל ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ פרוי,
צוהוסט זיך און תיכף באַוויזען איר חכמה,
און האָט אומגעפער זיך צו׳דרשנ׳ט אַזוי:

מיר האָבען זיך אַלע שוין פריער באַראַטען,
וואָס טוט מען דען, טאַטע, מיט דיר דאָ אַצינד,
עס איז דאָך אַ מאַנגעל סכנות אין דירות,
און זיין אָהן אַ היים איז דאָך פּשוט אַ זינד.

דערפאַר האָבען מיר שוין כמעט ווי באַשלאָסען:
איין שלאָף־צימער דאַרף דאָך דיין פעני און מאַן;
און ס׳צווייטע דאָס קליינע פאַר מיר און פאַר עני,
ווייל מער איז דאָך שוין אין דיין „פלעט" ניט פאַראַן.

דערפאַר פאָלג די טאָכטער די אמת געטרייע,
און זוך דיר אַ לאָדזשינג ביי שטענצל׳ען, דיין פריינט.
נישקשה, ער מעג דיר אַ צימער פאַרדינגען,
ער וואוינט דאָך אַזוי ווי אַ לאָרד פאַר זיך היינט.

אַ בראַוואָ באַגלייט האָט איר די עצה די קלוגע,
נאָר איך האָב פון כעס מיך געהויבען פון אָרט,
און איידער איך האָב נאָך געוואָלט עפּעס זאָגען,
האָט עני באַקומען פאַר מיר נאָך דאָס וואָרט.

צי וואָלט פאַר דעם טאַטען ניט בעסער געוועזען,
האָט זיך ווי באַגייסטערט צעצונדען איר בליק,
אַז ער זאָל אָבפאָרען וואָס גיכער קיין ציון,
און מער שוין ניט קומען אין גלות צוריק?

עס איז בלויז די צרה, סערטיפיקאַט, וויזע,
די מעשה פון וויים־בוך, וואָס הינדערט און שטערט,
אַזוי אַז עס קען אויך קיין זקן ניט אויפגיין
צו שטאַרבען און רוען אין הייליגער ערט.

נאָר כ׳וועל מיך באַמיען און בעטען באַקשטאַנסקי׳ן,
ווייל אפשר קען ער אונז דאָ העלפען מיט ראַט,
אויב ניט וועל איך שיקען בן גוריון אַ בריוועל,
אַז ס׳וואָלט לכּך׳ם אידיש דאָרט קיינעם געשאַט.

גענוג שוין געפלאפּעלט, האָט פּעני געשריען,
דאָס איז דאָך אַ מעשה אָהן סוף און אָהן עק,
צי קענען מיר אַלע אין „פלעט" דען אויסהאַלטען,
אויב ס'וועט ניט דער טאַטע פון דאָ באַלד אַוועק?

און שלאָפען אין „סיטינג רום" איז גאָר ניט מעגליך,
די זאָפע פאַר אים איז צו קורץ און צו שמאָל,
ער קען דאָך, חלילה, אין שלאָף אין דעם בעסטען
אַראָבפאַלען און זיך נאָך צוקלאַפּען אַמאָל.

דערפאַר איז מיין עצה מען זאָל „אַדוועטייזען"
און זוכען פאַר אים ערגעץ לאָדזשינג מיט „באָרד",
דאָס וועט דאָך זיין גרינגער ווי וואַרטען אויף נסים,
ווייל צייט ניט גע'פטר'ט מיינט געלד אויך געשפּאָרט.

פאַרשטייט איר דאָך שוין אַז איך בין מיר געזעסען
אין וואונדען געהאַקטע, יסורים און וויי,
ווייל דאָס איז מיין היים דאָך, מיין „פלעט" און מיין מעבעל,
און אַלעס באַלאַנגט בלויז צו מיר און ניט זיי.

און האָב איך פאַרצויגען מיין קול אין פּראָטעסטען,
האָט יעדער אויף מיר מיט גזלנות געקוקט,
און אַנשטאָט צו שרייען, געוואַלדעווען העכער,
האָט זיך מעשה כישוף מיין מויל ווי צעצוקט.

נו, שווייג איך מיר ווידער און פיל ווי מיך טרייסעלט
אַ פיבער אַ מאָדנער פון קעלט און פון היץ,
נאָר ס'זאָל אים דאָס אַרען דעם חכם מיין איידעם,
וואָס פירט אַזוי שטרענג ביי דעם טיש זיין פּאָרזיץ.

און ווען ס'האָבען אַלע געזאָגט שוין זייער מיינונג,
האָט הערש לייב געלאַסען און אָפען ערקלערט,
אַז יעדע מין עצה איז ערשט פאַר דער צוקונפט
און האָט פאַר דעם הוה קיין זין און קיין ווערט.

ער מיינט בלויז און דענקט אַז דאָס מושב זקנים
פאַר מיר וואָלט געווען ווי געווינשען, געפּאַסט,
ווייל דאָרט אין דער וועלט צווישען מענשען פאַרעלטערט,
וואָלט איך שוין געווען גאָר אַ חשוב'ער גאַסט.

אוים מיטינגס, אוים דאגות, אַ חלום פאַרגאַנגען,
ווי לאַנג איז דער שיעור נאָך צו דולען אַ קאָפּ,
אַז אַלטקייט מוז שטאַרבען, און יוגענד מוז לעבען,
ווייל ס'שטעלט זיך דער פּראָגרעס קיין רגע ניט אָפּ.

און טאַקע, מיר וועט דאָך קיין זאַך דאָרט ניט פעלען,
ווייל וואָס ברויכט אַ זקן, מישטיינס געזאָגט נאָך,
אַבי נאָר אים קומען באַזוכען די קינדער
אַמאָל אין אַ יאָר צי אַמאָל אין אַ וואָך.

ער וועט מיר אָפּט שיקען, וואָס ס'האַרץ וועט מיר גלוסטען,
און קויפען אַ טלית פאַר מיר שפּאָגעל ניי,
אַ זעקעלע ערד אויך פון ארץ הקודש,
ווייל טאָמער, אַ קשיה, געברויך איך באַלד זיי.

פאַרענדיגט די רעדע האָט ער זיך געווענדעט
צום עולם אַרום וועך עס שטימט מיט אים איין,
האָט יעדער געהויבען די הענד אין הסכמה,
אַז דאָס איז דער אויסוועג, אַזוי מוז עס זיין.

בלויז דוד'ל איז זיך געזעסען אין שווייגען,
דעם קאָפּ אויף די הענטלעך אין טיש אָנגעשפּאַרט,
אַזוי ווי ער וואָלט איצט געשוועבט אין דמיונות,
און רוהיג, געדולדיג אויף עפּעס געוואַרט.

נאָר פּלוצלינג האָט ער זיך אַ הויב אויף געגעבען,
און פּשוט געזאָגט זיי : You all make me sick!
I'll never return with Zeida, my darling,
און קיינמאָל ניט קומען צו אייך מער צוריק.

און דאָן האָט ער מיך ביי דער האַנד אָנגענומען
און פעסט און ענטשלאָסען אַ זאָג מיר געטון,
אַז דאָרט וואו איך וועל גיין וועט ער מיך באַגלייטען,
ווייל איך בלויז, דער זיידע, בין זיין אויבען־אָן.

מיין פאָלק וועט זיין פאָלק זיין, מיין ברודער זיין ברודער,
מיין מושב זקנים זיין היים און זיין אָרט,
און וואו איך וועל ליגען נאָך הונדערט און צוואַנציג,
וויל ער נעבען מיר אויך זיין קבר פונקט דאָרט.

געהערט אזא לשון, ווי רות צו איר נעמי,
האָב איך מיך געפילט ווי געשמייכעלט, געטרייסט,
ווייל ער האָט דאָס בלוט ווי זיין זיידע, דער בטלן,
וואָס גלויבט אַז דער עיקר פון אַלץ איז דער גייסט.

ווייל אָהן דיר, האָט ער נאָך געזאָגט, בין איך איינזאַם,
איך וויל און איך מוז מיט דיר בלייבען צוזאַם,
אַז ניט וועל איך זיין אין מיין עלענד פאַרלוירען,
און אפשר פאַרגעסען פון וועמען איך שטאַם.

פאַרשטייט איר דאָך שוין, אַז כ׳האָב דודל׳ס פנים
מיט טרערען פון שמחה געקושט און געגלעט,
און בלויז זאַלבעצווייט מיט אַ שלום צו אַלע,
אַרויס אויף דער וועלט און פאַרלאָזען דעם „פלעט“.

נאָר קודם וואָס־ווען האָט הערש לייב מיר באַוויליגט
צו שרייבען פאַר אייך נאָך אַ וואָך אָדער דריי,
ווייל איידער ער נעמט זיך צו אַרבייטען, שאַפען,
מוז ער דאָך נאָך האָבען ביים ים האָלידיי.

דערווייל זייט געזונד מיר, רבותי, וויטשעפעל,
כ׳וועל ווידער אייך שרייבען אין איניגע טעג,
און לאָזען אייך וויסען פון ווייטע מקומות
פון אַלץ וואָס געשעט אויף אַ וואַנדערער׳ס וועג.

22-7-1945

# מיר גייען „הייקינג“

מיט פּעקלעך פאַרוואָרפען אַריבער די אַקסלען,
בין איך מיט מיין דוד אוועק פון דעם הויז,
ווען פרייד האָט צושפּילט זיך ביי אונז אין דעם האַרצען,
ווי לידער וואָס זינגען זיך קיינמאָל ניט אויס.

די וועלט איז דאָך ברייט פאַר די אויגען געלעגען,
געלאָקערט, געדרופּען, געווינקען פון ווייט,
דער הימעל אַ הויכער, אָהן וואַנט און אָהן מויערען,
כאָטש גיי און צופליה דיך מיט אָרעמס צושפּרייט.

אויס דאגות, ניטאָ מער קיין פלעט און קיין טעכטער,
קיין איידים הערש ליב, וואָס דרייט שטענדיג די נאָז,
און מיינט אַז די חכמה באַזיצט ער אינגאַנצען,
נאָר איך ווייס שוין גאָרניט און לעב על פי טעות.

און איצטער דער תענוג צו גיין אויף אַ „הייקינג“,
און מער ניט צו פילען פון צרות דעם טעם,
נאָר זיין בפועל ממש אַ מענש אַ באַפרייטער
פון ווייטשעפּעל׳ס טומעל און שטותים אַ ים.

ניט הערען שוין מער פון רבנים דרשות,
שוין טויזענדער מאָל מעלה גירה געוועזן,
און פירער פון שולען מיט רעווערענדס מיט זאַטע,
שוין מער ניט צו קענען און מער ניט צו זען.

ניט קיבעצען מער אויך אייער גאון האמיתי,
וואָס פאַסט זיך אַריין אין אייער ראַם ווי געטאַקט,
און ווערען אין כעס נאָך אויף אַנדערע עולות,
וואָס האָבען שוין אָפּט מיין עניוות צו־„שאַקט“.

צו זען דאָ אייער חינוך, וואָס ציט אויף קדישים,
און איר דענקט, אַז דאָס איז גענוג און ניט מער,
קיין שפּראַך און קולטור אחוץ ביזנעס, קאַריערעס, —
ניט איד און ניט גוי, ניט אַהין ניט אַהער.

צו שרייען געוואַלד און ס'זאָל קיינער מיך הערען,
נאָר לאַכען, ווען איך זאָג מיט ווייטאָג אַ וויץ,
און גלויבען, אַז למך השני ווייסט גאָרניט,
און אפשר דערפאַר רעדט ער תמיד פון היץ.

נו, ליבער רבותי, איך פרעג אייך אַ שאלה,
מיט חבר'שער פשטות, אָהן מינדעסטען כעס,
צי מיינט איר דען טאַקע אַ פאָלק קען בלויז לעבען
פון בעריעל סאָסייטיס ביי אונז אויף דער גאַס?

צי דענקט איר, אַז אידישע ביכער געשאַפען
פון מיר און קאָלעגען האָט גאָרניט קיין ווערט,
אַז מיר זיינען שנאָרערס און איר די נגידים,
און אויך דאָס גן־עדן צו אייך נאָר געהערט?

זייט מוחל, בויג איך פאַר אייער זאַטקייט מיין גדלות,
און באָט צום פאַרקויפען אייך אָן מיינס אַ בוך,
נאָר באַלד קומט אייער ענטפער, אַז „מי נאָ ריד" אידיש,
„מי נאָ קען בי באָדערד", און אַנדערע זוך.

אוי, זיידע, האָט זיך דאָ מיין דור דערשראָקען,
איך קען דאָך פון דיר שוין קיין וואָרט ניט פאַרשטיין,
ווייל ווי קומט צו דיר אַזאַ לשון אַ מאָדנער? —
דאָס רעדט דאָך אַ צווייטער און ניט דו אליין!

וואָס טויג זיך דיר כעס'ן, ווער איז דיר דען שולדיג,
ווען דיר האָט זיך שטענדיג נאָר שרייבען פאַרוואָלט,
און אַנשטאָט צו זיין אויף דער ערד דאָ אַ לענדלאָרד,
זוכסט דו בלויז אין הימעל דיין זילבער און גאָלד?

דיך האָט דאָך ניט קיינער אפילו געבעטען,
צו מאַכען ווייטשעפּעל בארימט אויף דער וועלט,
און ווייזען ווי מיאוס ס׳איז דאָס אידישע לעבען,
וואָס לעבט בלויז פון שקר אלס אמת פאַרשטעלט.

האָב איך שוין מיין דוד צוקושט פאַר זיין קלוגשאַפט,
און אויך אַלע טענות פאַרגעסען דערביי,
ווייל וואָס מיר איצט דאגות און עוולות, חסרונות,
ווען ס׳ליגט פאַר אונז אָפען אַ וועג וואָס איז פריי.

האָט זיך אין מיר פריילך צומורמעלט אַ ניגון,
און מיר האָבען ווייטער „געהייקעט" צופוס,
ווי מענשען גערעטעט פון העסעל סטריט לאַגער,
און איינפאַך פאַרלוירען דעם חוש פון פאַרדרוס.

נו, גייט מען אַזוי מיט די קעפּ אויפגעהויבען
צום זוניגען אויבען פון ליכטיגען אָב,
און קוקען מיט פרייד אויף די פעלדער ווייטשעפּעל׳ס,
וואו ס׳פּאַשען זיך פרידליך בהמות און שאָף.

דערטראָגט זיך צו אונז פון דעם ברײדי סטריט וועלדעל
פון פויגעלעך פרייע אַ גליקליך געזאַנג,
ווערט ממש דאָס האַרץ ווי פון תענוג צוגאַנגען,
און פול פאַר דעם בורא מיט שבח און מיט דאַנק.

זעסט, דוד׳ל, זאָג איך, ווי שען ס׳איז דאָס וועלטעל,
ווי רוהיג און פּרעכטיג באַרג אויף און באַרג אָב,
און ווייטער אַרויף אויף דעם שפּיץ פון דעם בית־דין,
דאָרט פּייפט זיך דער פּאַסטוך צום טאָל טיף אַראָב.

און פּונקט ווי פאַר׳כישוף׳ט אַזוי איז דאָס פּייפען
פון גאָלדענעם פּייפעל, וואָס סוויסטשעט מיט קראַפט,
און זויגט אויס מיט פרומקייט פון שאָף און פון רינדער,
אַזוי ווי די בינען פון בלומען דעם זאַפט.

צי דאַכט זיך ניט אויס דיר, אַז ס׳איז אַזוי הערליך
די אידישע סטעפּעס פון גלייכגילט און רו,
אַ וועלט אַזאַ שטילע, אַ פּשוט בית עולם,
וואו ס׳לעבען אין וואוילטאָג בלויז קברים־לייט דאָ?

נאָר באַלד האָט מיך ווידער מיין דור דערמונטערט,
און האָט מיך מיט אימה געפרעגט וואָס מיר איז,
צי אפשר דאַרף זיידע, חלילה, אַ דאָקטאָר,
ווייל ס׳איז דאָך מיין רעדען אַ מין ביטער־זיס.

וואָס פאַלט דיר דען איין, האָב איך מיך ווי צוהוליעט,
און האָב מיך „צוקרונעט״, צוהאַמעט פון גליק,
ווייל וואַנדער־לוסט האָט אונז באַהערשט און גערופען
צו ערגעץ אַ ווייטקייט אָהן וועג אויף צוריק.

און אָט פירט דער שליאַך אונז דורך קעמברידזש רויד, מעיר סטריט,
און עפענט זיין אָרעם צו אַמהורסט רויד אויף,
וואו ס׳ליגט העקני דאַונס ווי אין זון־ליכט געטונקען,
און שאַרט דאָרט דעם עולם רבותי צונויף.

אָט דאָ וועט מען רוען, איז דור׳לס פאַרשלאַג,
אַזוי ווי די אידען אין מדבר אַמאָל,
און דרך אגב אויך שוין הערען די שמועסען,
וואָס זאָגט מען, וואָס רעדט מען פון מצב ישראל.

שטעל איך מיך אַוועק ביי אַ באַנק אַ געפּאַקטער,
אין סקווער פון די דאַונס וואָס איז ריין פון אַ גוי,
און הער ווי עס וויקעלט זיך אויף אַ געשיכטע
פון עפּעס אַ מאַן און אַן אַנדערענס פרוי.

נאָר באַלד דרייט דער שמועס זיך אַוועק אויף חזנים,
און קירעוועט אויס זיך אויף הינט און אויף פערד,
אויף עופות, מלבושים, „בלעק־מאַרקעט״ עשירים,
אַז ס׳איז דאָך דער פונט שוין קיין פעני ניט ווערט.

אַט טענה׳ט אַ איד, אַז בסלוזשבע צאַריזם,
ווען ער האָט געדינט אין דעם ווייטען סיביר,
פלעגט ער דאָרטען עסען די בעסטע מאכלים,
און טרינקען די אמת׳ע וואָדקאַ און ביר.

עס איז דאָך געווען דאַן אַ „פּלעזשור“ צו לעבען
פאַר יעדען, וואָס איז ניט געווען צו פויל,
און האָסטו די ציין אין אַ גענזעל פאַרביסען,
איז שמאַלץ פראָסט און פשוט גערונען פון מויל.

ער האָט נאָך גערעדט, נאָר איך האָב שוין גערופען
מיין דוד, וואָס האָט זיך אין פעלד דאָרט געשפּילט,
און ווען איך בין ווייט פון די דאונס שוין געווען,
האָב איך נאָך אין מיר דאָס חלשות געפילט.

און מיינט איר, אַז בעסער געווען איז מיין נחת
מיט ספּרינגפּילד׳ער עולם באַזעצט אויף דעם גראָז,
און אייך ווילט זיך גלויבען, אַז זיי זיינען אַנדערש,
דאַן מאַכט איר ווי שטענדיג אַ שרעקליכען טעות.

נאָר מילא, וואָס אַרט מיך, אַז ס׳רעדען די אידען
פון „פּראָפּערטי אינקאַם“, פון הייזער, געשעפט,
נאָר דאָס וואָס קיין איינער פון זיי קען ניט למך,
דאָס, זעט איר, האָט מיך שוין באַליידיגט, געפּלעפט.

ווייל אַנשטאָט צו גרוסען מיין גרויסע באַרימטקייט,
האָט יעדער געקוקט אויף מיר קאַלט און מיט חשד,
אַזוי ווי איך וואָלט אַ ווילד־פרעמדער געווען,
און טאַקע מיט קיינעם קיין שייכות געהאַט.

געוואַלד, למך גולם, האָב איך מיך געזידעלט,
צי איז דען היין קאַמף פאַר יהדות כדאי,
אַז העכער פון חינוך און מצב האומה
דאָך שטייען די פערד און די כלבים פאַר זיי?

אבי כ׳האָב פאַר יאָרען גענאַרט זיך, גע׳חלום׳ט,
אַז מיך קען די מאַסע און כ׳בין זיי באַקאַנט
נאָך שרייבען פאַר זיי שוין אַ דור און אַ פערטעל,
און בין אויך ווי זיי פּונקט אַ בירגער אין לאַנד.

איך מיין, אַז ס׳איז נוצלאָז פאַר מיר צו באַטאָנען,
אַז כ׳האָב אויך די אידען אין הייד פאַרק געזען,
נאָר אומעטום האָט מיך פאַרפאָלגט די ענטוישונג,
אַז ס׳איז מער ניט דאָס וואָס אמאָל איז געווען.

האָב איך שוין מיט דוד גענומען די פּעקלעך,
און ווייטער „געהייקעט" אין שווייגען פאַרטראַכט,
ווייל ס׳האָט זיך דער אויבען אין רויטקייט צעצונדען,
און בענקשאַפט צושפּרייט אין דעם זומער פאַרנאַכט.

אוי, זיידע, ווי שטיל, אַך, ווי שטיל איז דער אָבענד,
האָט דוד זיך פּלוצלינג צודיכטעט פאַר מיר,
צי דאַכט זיך ניט אוים ווי די ערד און דער הימעל
פאַרטרויען זיך סודות פון גליק אָהן אַ שיעור?

פאַרוואָס איז דער מענש אַזוי בלינד פאַר דער שיינקייט,
און קלערט בלויז פון ביזנעס, פון טיש און פון בעט,
פון הייזער, פון פּראָפּערטי, שווינדעל און קאָרטען,
און פילט זיך ניט פריי פּונקט ווי מיר אויך אָהן פלעט?

אפנים, טראַכט איך מיר, אַז דאָס רעדט דער זיידע
פון אים, פון מיין אייניקעל, איצטער אַרוים,
אַז ניט וואָלט ער דאָך ניט פאַרמישט אַזאַ קאַשע
פון דיכטונג און פּראָזע, וואָס פּאַסט פאַר מיר בלויז.

האָב איך מיך מיט אים שוין פּראָזאַאיש באַראַטען,
וואו „הייקעט" מען מאָרגען, וואו שלאָפט מען די נאַכט,
האָט דוד אַ פּלאַן אויסגעאַרבייט, ענטוויקעלט,
און באַלד אויף דערויף זיך צושטיפּט און צולאַכט.

מיר וועלען באַזוכען די סיטי צומאָרגענס,
און טאַפּען דעם דופּק פון סוחר'ישער וועלט.
נאָר דאָס איז אַ מעשה, וואָס וועט שוין באַזונדער
פאַר אייך גאָר פּאָדראָבנע נאָך ווערען דערציילט.
29-7-1945

## אויף מיין וואנדער-וועג

עס איז דאָך אַ תענוג צו לעבן אָהן קייטען,
צו גיין וואו דיר גלוסט זיך פון קיינעם געשטערט,
און ענדליך דערפילען, אַז דו האָסט אַ חלק
צו אַלץ וואָס באַוועגט זיך אין הימעל, אויף ערד.

און ניט בלויז מינוטען נאָר טעג און חדשים,
זיי ווינקען צו דיר ווי אַ יום־טוב אָהן ענד,
און ווי זיי צו פּראַווען, אין עצבות צי חדוה,
איז בלויז אין דיין ווילען אַליין נאָר געווענדט.

אפילו פון שטייער, פון שכירות און אַרבייט,
ביזט דו שוין אַזוי ווי אַ זויג־קינד באַפרייט,
און ס'יאָגט דיך שוין מער ניט קיין עול פון פּרנסה,
וואָס צייכענט דיר אָן וואָס צו טון מיט דיין צייט.

און ווילט זיך דיר הערען ווי ס'דרשנ'ט אַ גדול,
דאַרפסט דו מער ניט שרייבען פון אים קיין באַריכט,
און מאַכען פון נאַרישע ווערטער בלויז חכמות,
ווי דאָס איז פיל יאָרען געוועזען מיין פליכט.

און פאַלט דיר ניט איין זיך צו לאָזען פאַרנודיען
מיט רייד און געדאַנקען פאַרשימעלט שוין לאַנג,
טאָ ווער קען דיך צווינגען צו האָרכען די שטותים,
וואָס רייסען דאָס אויער ווי כאַאָטיש געזאַנג?

האָט עמיץ אַ רב'על גע'פּלפּול'ט אַ מאמר,
און אים איז דער שווייס אויף דעם שטערן אַרויס,
האָב איך מיט רחמנות געשילדערט זיין גרויסקייט,
וואָס האָט ניט קיין אָנהויב און לאָזט זיך ניט אויס.

איז טיילמאָל געקומען אַ גאַסט פון מרחקים,
און אומעטום מיטינגען פיל אַדרעסירט,
האָב איך שוין זיין נאָמען אין גלאָריע באַלויכטען,
און אָפט אייך, רבותי, בשוגג פאַרפירט.

און האָט מען געקלאַפּט מיט דער צדקה גדולה,
און ממש געריסען דאָס לעצטע פון אייך,
האָב איך אויך געראָפען, געוועקט אייער געוויסען,
און האָב אויך געהאָלפען מיט אַלע באַגלייך.

איצט זאָג איך מיין ווידוי, ווייל ס'האָט מיך דער שקר
אַזוי ווי אַ בלינדען געהאַלטען ביים האַנד,
און איך האָב געלאַכט, ווען עס האָט מיך דער אמת
געבעטען, אַז כ'זאָל גיין מיט אים בלויז ביינאַנד.

נאָר וואָס האָב איך דען פאַר מיין פּראַצע געקראָגען
נאָך זיצען אַ דור ביי דעם פּרעסע-לייט טיש,
ווען ס'האָבען גבאים בלויז קאַרפּען געגעסען,
האָב איך מיך באַנוגענט מיט הערינג פאַר פיש.

עס האָט מיך פאַרדראָסען, וואָס איר האָט פאַר בריוולעך
אַ שרייב־טיש צו שרייבען מיט יעדען מין טינט,
און מיר האָט געפעלט אָפט אַ בענקעל צו זיצען,
ווען איך האָב געדיכטעט מאָראַל געגען זינד.

נאָר איצט האָב איך שלום געמאַכט מיט מיין גורל,
אויס קנאה, אויס שנאה, חניפה און בלאָף,
ווייל ס'מוז דאָך פאָרט זיגען דאָס מענשליך באַוואוסטזיין
ווען ס'האַלט דאָס גן־עדן זיין טירעל שוין אויף.

נאָר זעט נאָר ווי כ'האָב מיך צו הבל־הבלים'ט,
ווען איך פיל מיך פונקט ווי געבוירען אויפ'ס-ניי,
און וואַנדער אַרום מיט מיין אייניקעל דוד
אָהן שאָטען פון זאָרגען, נאָר גליקליך און פריי.

באַטראַכטען מיר אַלעס, די מענשען און הייזער,
געשעפטען, פאַבריקען, דעם גאַסען־פּאַרקער,
כאָטש שטעל דיך אַוועק, לאָך דיך אויס פון געלעכטער,
ווען דאָס איז דער תכלית און קיין זאַך ניט מער.

מיר קוקען זיך איין אויך אין רוהלאָזע אויגען,
אין פּנים'ער מאָדנע דערשראָקען, פאַרשוויצט,
ווי יעדער געזוכט וואָלט באַזונדער זיין אוצר,
פון שטן אַליין אויסגעטראַכט און צובליצט.

אוי, ויידע, פאַרוואָס, פרעגט מיין אייניקעל שאלות,
איז טאַקע ניט דאָ שוין קיין אַנדערער ציל,
חוץ לויפען אין טומעל, זיך שטויסען און יאָגען
נאָך עפּעס אַן עפּעס וואָס יעדערער וויל?

צי איז דען ניט בעסער צו זיצען אין גאָרטען,
ווען ס'האָט זיך די זון אַזוי ליכטיג צושיינט,
און לאָזען דאָס נאַרישע שוויצען אויף מאָרגען,
ווען ס'וועט שוין ניט זיין אַזוי ליכטיג ווי היינט?

פאַרוואָס איילט זיך יעדער אַזוי ווי געטריבען
פון שדים און רוחות און אַלדע־גוט־יאָר,
צי לעבט דען דאָס לעבען אין אייביגער תפיסה,
וואו קיין זאַך ווערט קיינמאָל ניט שכל'דיג קלאָר?

נאָר גיי, טראַכט איך מיר, און פאַרענטפער די קשיות,
וואָס פאַלען נאָר איין בלויז אַ קינדישען מוח,
ווען איך אויך אַליין בין ערשט נעכטען געלאָפען,
און האָב דאָ פרנסה געזוכט פאַר מיר אויך.

האָב איך אים פאַרטייטשט, אַז אַזוי איז דער שטייגער,
אַז ס׳האָט זיך דער מענש אויסגעקליבען דעם וועג,
אָט פאַלט ער און הויבט זיך און באַלד לויפט ער ווידער
נאָך שילינגס און פונטען אין ווילדען געיעג.

ס׳איז אמת, מיין תירוץ האָט אים ניט באַפרידיגט,
נאָר ער האָט געשוויגען און מער ניט געפרעגט,
ווייל ס׳האָט אונז די מאַסע אין גאַס מיטגעטראָגען
און צו העטאָן גאַרדען אריין אונז באַוועגט.

נאָר דאָ האָט פאַר אונז זיך ענטפּלעקט דאָס עשירות
פון איידעלע שטיינער געשליפען מיט זאָרג,
אַ מסחר וואָס לעבט פון איין האַנד צו דער צווייטער,
אויף „אַפּראָ" גענומען, צי פּשוט אויף באָרג.

נאָר זעה ווי עס גלאַנצען ביים עולם די אויגען,
וואָס קוקען דורך גלעזלעך צו קענען דערגיין
צי ליגט וואו אַ פּגימה באַהאַלטען, פאַרהוילען
אין קוואַל פון פאַרדינסטען אין וועלטען פון שטיין.

יואָס זון מיר, וואָס הימעל, וואָס זומער און לעבען,
אַז ס׳ווערט אויך דאָס האַרץ ווי אַ שטיינדעל אָפּט קאַלט,
און ס׳בלישטשעט נאָר בלויז דאָ אַ חלום פון שטיינער,
וואָס וואַקסען אויף בוימער אין אַפריקאַ׳ס וואַלד.

נאָר ווי קומט אַהער דאָ דער חקרן, בעל פלפול,
מיין חבר, קאָלעגע, ר׳ ריכטיגער אויך,
וואָס טובל׳ט ווי יעדער זיין בליק אין דימאַנטען,
ווי דאָס וואָלט געווען פון זיין לעבען דער תוך?

און קומט מיר אויך משה כ״ץ שוין אַנטקעגען,
און זאָגט מיר אַ ברייטען העלאָו, למך, פאַן,
ער פרעגט מיך צי וויל איך אַ סוחר אויך ווערען,
ווייל ס׳זיינען דאָ שטיינער לרוב נאָך פאַראַן.

מוחל, זאָגט דוד צו כ"ץ'ען גאָר שטאָלציק,
מיין זיידע איז סיי ווי אַ נגיד אַ איד,
ער האָט שוין דעם עולם המסחר פאַרענדיגט,
און פאָרט שוין אַוועק באַלד פון נאַריש יריד.

הקיצור, מיר האָבען שוין ווייטער געוואַנדערט,
באַזוכט אויך דעם צענטער פון סוחרים מיט פעל,
נאָר דאָרט זיינען מיר בלויז אַ רגע פאַרבליבען,
ווייל דוד'על קען ניט פאַרטראָגען קיין „סמעל".

מיר האָבען זיך שפּעטער פאַרנומען קיין פליט סטריט,
וואו ס'קאָכט ווי אַ קעסעל פון נייעס די וועלט,
טראַגעדיעס, מלחמות, פּראָצעסען, אינקוועסטען,
און אַלץ ווערט פאַר פּענים באַשריבען, דערצעלט.

נאָר ווען ס'האָט די מידקייט נאָך רוה שוין גערופען,
האָב איך מיך מיט דוד'על אום זיך געקערט,
און ווידער אַוועק אויף דער דאונס דאָרט אין העקני
מיט לייכטע געמיטער פון גאָרניט באַשווערט.

נו, זיץ איך אַזוי מיר און קלער מיר געדאַנקען
פון אַלעם וואָס איך האָב געזען און באַטראַכט,
נאָר פּלוצלינג דערהער איך אַ שלום, ר' למך,
ווי לעבט זיך אַ אידען, וואָס קיבעצט און לאַכט.

דאָס האָט מיך געפרעגט דאָרט הרב יאָסעלעוויטש,
אַ מענש משלנו, געאַכטעט, באַקאַנט,
גערעדט שוין אויף מיטינגס פאַר קולטור און תורה,
מיט אויגען געווענדעט צום אידישען לאַנד.

ער מיינט אַז „מיין ווינקעל" איז ווערט די פּלאַטפאָרמע,
וואָס ס'ברענגט פאַר אַ קרבן בריטהאַרציג די „צייט",
ווייל אמת'ער קיבעץ איז פונקט ווי אַ רעגען
דערפרישענד און קוויקענד און פול מיט באַדייט.

ער זאָגט בלויז צושמייכעלט כ׳זאָל שלום שוין מאַכען
מיט אונזער כלי קודש, רבנים און קהל,
ווייל ער דענקט, אַז איך טרייב אויך איבער די פאַרבען,
און מאַך אָפּט צו טונקעל די בילדער וואָס כ׳מאָל.

נאָר באַלד האָט ער מיר אויך געבראַכט אַלס אַ ביישפּיל
דעם קיבעץ פון גאָגאָל, דעם רוסישען ריז,
די קראַפט פון זיין פעדער צו חוזק׳ן, לאַכען,
וואָס פלעגט טיפער שטעכען ווי שאַרף פון אַ שפּיז.

האָב איך מיך דערפרייט מיט אַ איד אַ בן תורה,
וואָס האָט אויך אַ חוש פאַר דער אויסערער וועלט,
און ממש געשלונגען הומאָר עפּיזאָדען,
וואָס ער האָט פון גאָגאָל געשילדערט, דערצעלט.

מיך האָט אויך באַגריסט זיין זוגתו רבנית,
געזעסען מיט אים אויף דער זעלביגער באַנק,
און ווען מיך האָט דוד גערופען שפּאַצירען,
האָב איך זיי פאַרלאָזען מיט שלום און דאַנק.

נאָר דאָ איז אונז וויינרייך אַנטקעגען געקומען,
און האָט מיך דערמאָנט, אַז ס׳איז אלול שוין באַלד,
ווייל אָט יאָגט אַ ווינטעל פון הערבסט אין די בוימער,
און ס׳ווערט אויך דער אָבענד צוביסלעך שוין קאַלט.

ער האָט זיך צורעדט אויך פון אידישער קולטור,
די פּועלי ציוניסטען, וואָס אַרבייטען שוואַך,
אויך אים האָט פאַרדראָסען בן גוריונ׳ס באַמערקונג,
און פּאַטש אין דעם פּנים פון אידישער שפּראַך.

נאָר איך האָב קיין וואָרט מער געהערט און פאַרשטאַנען,
ווייל ס׳האָט שוין דער אלול געטאַנצט אין מיין מוח,
עס איז דאָך אַ מנהג צו גיין קבר אבות,
און איך מוז ווי יעדער אַהין גיין דאָרט אויך.

נאָר וואָס כ׳האָב פאַרנומען אין וועלט פון די מתים,
דאָס איז שוין ניט מער פאַר דער היינטיגער וואָך,
אויף דעם מוזט איר וואַרטען רבותי, ווייטשעפּעל,
און האָבען געדולד מיט אייער למך׳ן נאָך.

5-8-1945

---

## אויף קבר אבות

אַ ווינטעל פון אלול האָט טרויעריג געבלאָזען
אין פעלד פון די קברים פאַראיינזאַמט און שטום,
אַזוי ווי אַ סוד אין זיין אייביגען שווייגען
וואָלט זיך ווי געטראָגען אין טויטען אַרום.

עס האָט בלויז געהערט זיך פון דאָ און פון דאָרטען
אַ ציטער פון ליפּען אין ווייטאָג און פּיין,
אַ קלאָג־ליד פון פרויען, פון מאַמעס און קינדער,
וואָס האָבען געשטיקט זיך אין שטילען געוויין.

עס לעבט דאָך נאָך אַלץ דאָס געשטאַלט אין זכרון,
אַזוי ווי דאָס אונגליק וואָלט נעכטען געשען,
נאָר איצט ליגט דער גוף אין דער ערד דאָרט באַהאַלטען,
שוין קיינמאָל, שוין קיינמאָל ניט ווידער צו זען.

דערטראָגט זיך פון ווייט אויך אַן אל מלא רחמים,
אַזוי ווי אַן עכאָ צופאָכעט אין פעלד,
ווערט טיפער דער אומעט פון הבל הבלים,
און נאַריש דער תכלית פון מענש אויף דער וועלט.

צו וואָס דען געאַרבייט, געמיט זיך, געלאָפען,
דער האַס און די פיינדשאַפט, די אונרו און שרעק,
אַז יעדער האָט יאָרען געציילטע, געמאָסטען,
און מוז אויך צום סוף פון דעם הו-האַ אַוועק?

און טאַקע צו וואָס אויך מיין שטענדיג געראַנגגעל,
דאָס זוכען דעם חילוק פון גוט און פון שלעכט,
ווען אַלץ גלייכט זיך אויס אין דער זעלביגער רייע,
וואו ס׳וואוינט שוין בשלום דער הערר און דער קנעכט ?

עס איז דאָך אַ חלום, דערוואַכט און פאַרגאַנגען,
אַ בענקשאַפט נאָך עפּעס וואָס ווערט ניט דערצילט,
ביז וואַנען עס רופט דיך אַ שטים פון בית עולם,
ווי נאָר ס׳ווערט דיין ראָלע באַטראַכט אָפּגעשפּילט.

נאָר דאָ האָט מיך דוד דערמאָנט ער האָט מורא,
עס שרעקט אים מיין רעדען און ווייסט ניט פאַרוואָס,
אים דאַכט זיך ער הערט אַ געמורמעל פון מתים
וואָס טראָגט זיך פון קבר צו קבר אין גראָז.

אוי, נאַרישער אינגעל, האָב איך אים פאַרזיכערט,
דאָס מורמלען אַזוי דאָ די ווינטלעך נאָר בלויז,
ווייל וואָס קענען מתים זיך דען נאָך דערציילען,
ווען ס׳האָלט זיי די ערד שוין ביי זיך אין דער שויס ?

און האָט ער געקוקט אויף מיר אַלץ נאָך מיט פּחד,
האָב איך אים געהאַלטען נאָך פעסטער ביים האַנט,
געגלעט אים דאָס קעפּעל מיט זיידע׳שער ליבשאַפט,
און ווייטער אין שווייגען מיט אים שוין געשפּאַנט.

איך האָב בלויז געטראַכט מיר מחשבות פון עבר,
פון ווייטשעפּעל׳ס גרויסקייט פאַרשלעפּט פון דעם וועג,
און האָב זיך צוזיפצט אויף איר חורבן דעם גרויסען,
און גלאָריע פון לאַנג שוין פאַרגעסענע טעג.

אוי ווייטשעפּעל שיינע, אוי ווייטשעפּעל אַלטע,
עס קומט צו דיין קבר שוין קיינער ניט באַלד,
און ס׳זיינען און וועלען פון דיר בלויז פאַרבלייבען
מצבות, מצבות, מצבות אַ וואַלד.

און אָט איז אַן אויפשריפט אַז דאָ ליגט באַגראָבען
דיין אידישע קולטור פון דורות צוריק,
געבראַכט צו דער קבורה אַזוי ווי דיין חינוך
פון דיינע מנהיגים אָהן טרער אין זייער בליק.

עס זיינען פאַרבליבען פון זיי בלויז יתומים,
וואָס וואָגלען אַרום אָהן אַ צוועק און אַ ציל,
אַזוי ווי פאַרבלאָנזשעט אויף וועגען אויף פרעמדע,
ווי פאַרעווע מענשען אָהן אייגענעם וויל.

זיי זיינען ווי יורשים וואָס האָבען פאַרגעסען,
און ווילען ניט זאָגען קיין קדיש נאָך דיר,
נאָר לאַכען זיך אויס פון דיין גאַנצער ירושה,
און לויפען מיט בושה אַוועק נאָך פון איר.

אוי, זיידע, האָט דוד געשלעפּט מיך ביים פּאָלע,
וואָס טויג דיר דיין פּלפּול אפילו אויך דאָ,
דו האָסט דאָך געבראַכט מיך מיר ווייזען דאָס קבר,
וואו ס'ליגט באָבע ציפּע אין אייביגער רו.

איך בין דאָך מיט דיר ניט געקומען דאָ וואוינען,
און הערען דיין קרעכצען על צרות הכלל,
דאָס קענסט דו דאָך טון אין דיין מושב זקנים,
ווייל דאָ איז דאָך אַנדערש ווי ס'איז איבעראַל.

איך האָב אויף זיין פאָרוואורף קיין וואָרט ניט געענטפערט,
נאָר בין מיט אים ווייטער געגאַנגען פאַרקלערט,
ביז וואַנען איך האָב אָבגעשטעלט מיך פאַרווייטאָגט,
און אים אָנגעוויזען אַ בערגעלע ערד.

דאָ ליגט באָבע ציפּע, די גרויסע חכמת,
האָב איך מיינע ליפּען אין עצבות באַוועגט,
געדענקסט נאָך ווי באָבע האָט נחת געקליבען,
ווען דו האָסט די קשיות מיך פּסח געפרעגט?

זי איז דאָך געווען די צנועה די גרעסטע,
וואָס ווייטשעפּעל האָט ווען פאַרמאָגט און געהאַט,
און האָט זיך געהאַנדעלט אין שאלות די האַרבסטע,
האָט זי באַלד געפונען אויף זיי אויך אַ פּשט.

נאָר וואָס האָט דיין באָבע געהאַט ביי איר לעבען
חוץ צרות און דאגות, קיין טראָפּעלע פרייד,
ווייל איר האָט ביי מיר אָפּט, דיין זיידען דעם בטלן,
אויך טיילמאָל געפעלט אויף אַ שיך און אַ קלייד.

איצט בעט איך מחילה זי זאָל מיר פאַרגעבען,
ווייל איר איז דאָך בעסער ווי מיר איז אַצינד,
איך שלעפּ מיך אַרום אויף דער וועלט ווי אַ פרעמדער,
און פיל מיך אָהן איר ווי אַ יתום אַ קינד.

איך האָב ניט פאַר ווען מיין צער צו דערציילען,
און זאָג איך שוין עפּעס קען קיינער פאַרשטיין,
עס קרעכצט נאָר דער עולם מיר צו אָפּט אַ נעבעך,
און מיינען אַז כ'רעד שוין צו מיר בלויז אַליין.

נאָר באַלד האָט מיך דוד שוין ווידער גע'מוסר'ט,
ווען ער האָט באַמערקט אין מיין אויג איצט אַ טרער,
דאַן האָב איך געענטפערט, אַז דאָס איז פון אַלטקייט,
געשטאַרקט זיך, געזאָגט אים, אַז כ'וויין שוין ניט מער.

איך האָב אים געטרייסט, אַז עס וועט דאָ אויך ליגען
זיין זיידע, ר' למך, פון איסט ענד געביט,
אַ דיכטער וואָס האָט זיך אומזיסט אַלץ געמאַטערט
צו זען אין דעם קרייז פון רבנים אַ איד.

ער האָט אויך מיט טרערען געלאַכט פון די צרות,
פון שפלות יהדות ביי אונז אויף דער גאַס,
נאָר קיינער האָט קיינמאָל ניט ערענסט גענומען,
און אים בלויז באַטראַכט ווי אַ פּאַיאַץ פאַר שפּאַס.

ס'האָט יעדער געמיינט, אַז זיין קיבעץ געווענדעט
איז בלויז אויף אַ צווייטען און ניט אים אַליין,
ווייל יעדער ביי זיך גלויבט, אַז ער איז ניט שולדיג,
און איז פון חטאים דערווייטערט און ריין.

אוי זעהט, האָט אָפט למך געקלאָגט און געשריען,
טוט תשובה, רבותי, כל זמן ס'איז נאָך צייט,
ווייל ס'אידישע לעבען ביי אונז אין בריטאַניען
ברענט שוין ווי אַ ליכט וואָס צאַנקט אויס און פאַרגייט.

נאָר איצט איז זיין שטימע פאַרשטומט שוין געוואָרען,
די ערד האָט זיין אָרימען גוף איינגעהילט,
זיין קאַמף און געראַנגעל, פּראָטעסט און זיין חוזק
אין אייביגער קאַלטקייט דערשטיקט און פאַרשטילט.

ער איז דאָך געווען ווי אַן אמת'ער צדיק,
און קיינמאָל געטשעפּעט קיין פליג אויף דער וואַנד,
נאָר איצט שלאָפט ער רוהיג און ס'אַרט אים שוין גאָרניט,
וואָס ס'טוט זיך ביי אידען ביי אונז דאָ אין לאַנד.

אַ ביטער רחמנות דער למך השני,
ער איז דאָך געווען דאָ צו יעדען אַ פריינט,
און דאָך האָט אים קהל ניט געשטעלט אַ מצבה,
האָב איך ווי אַ קינד זיך גאָר פלוצלינג צעוויינט.

אוי זיידע, וואָס רעדסט דו, האָט דוד מיט אימה
געפרעגט מיך און שטאַרק זיך געקלאָמערט אין מיר,
האָט אפשר געווירקט אויף דיין מוח דאָס בית עולם
צו מאַכען אַ הספד אַליין גאָר נאָך דיר?

נו, זעה נאָר, האָב איך מיך געכאַפּט, אַ שגעון,
וואָס עפּעס אַ הספד ווי פון העלער הויט,
ווייל טאַקע להכעים די היגע מנהיגים,
וועל איך אַלץ נאָך לעבען און קיינמאָל זיין טויט.

צי גלויבען זייווירקליך, אַז איך בין אַ „ראַביי“,
וואָס בויגט אין הכנעה פאַר זיי זיך אַראָב,
פאַרשאַכער מיין גייסט בלויז פאַר פעטע געהאַלטען,
און העלף צו יהדות צו שטאַרבען גיך אָב?

אויב יאָ, דאַן מאַכט איר דאָך אַ טעות אַ גרויסען,
און קענט ניט אייער למך דעם עקשן און העלד,
וואָס וועט ניט פאַרקויפען צו אייך זיין נשמה
אפילו פאַר זעק און וואַגאָנען מיט געלד.

נאָר גאָרניט, אַן עסק, און מיר גייען ווייטער,
און כ׳האַלט מחמת שטימונג געבויגען דעם קאָפּ,
פאַרטיפט אין מחשבות כמנהג בית עולם,
ווען פּלוצלינג דערהער איך די קולות: „סטאָפּ סטאָפּ!“

דאָס האָט זיך הערש לייב אַזוי ווילד דאָס צושריען
מיט טענות אַז כ׳האָב איבערכאַפּט שוין די מאָס,
ער האָט מיר דערלויבט ביז עד כאן בלויז צו שרייבען,
כאָטש ער וויים אַליין ניט פאַר ווען און פאַר וואָס.

עס איז שוין מיין שעה פאַר דעם מושב זקנים,
און מער וועט ער מיר ניט ערלויבען קיין זאַך,
צו לאַנג האָט ער מיך שוין אויף הפקר געלאָזען,
ווייל ער איז צו גוט און אויך טיילמאָל צו שוואַך.

האָב איך אים געבעטען מיין אײדים, דעם גזלן,
רחמנות צו האָבען אויף מיר און אויף אייך,
ביז ענדליך זיין הארץ האָט גערירט זיך, באַוויליגט
צו שרייבען מיין שלום־וואָרט און „גודביי“ צוגלייך.

ער האָט מיר אויך הייליג פאַרשפּראָכען, געשוואוירען,
אַז ער וועט מיר שיקען כסדר די „צייט“,
כדי כ׳זאָל ניט לעבען אַזוי ווי אין מדבר,
נאָר הערען זיין חכמת הקיבעץ פון ווייט.

ס'האָט דוד'על, נעבעך, געמוזט מיך פאַרלאָזען
און גיין צו זיין מאַמען צו בלייבען מיט איר,
און ווען ער האָט טרויעריג געקוקט אויף מיין פּנים,
האָט עפּעס געווייטאָגט אַ ווייטאָג אין מיר.

ער האָט מיך געקושט און ער האָט מיר געווינשען
אַ שליט-וועג אַ לייכטען מיט האַק און מיט פּאַק,
און ווען ער איז שוין פון דערווייטען געוועזען,
האָב איך נאָך געהערט אַלץ זיין שלום, „גוד־לאַק".

איך בין מיר אַוועק פון בית עולם פאַראומערט,
מיט טרויריגע ווינטלעך באַגלייט און געפירט,
און האָב מיר געטראַכט ווי ס'איז מאָדנע דאָס וועלטעל,
וואָס ווערט בלויז פון כחות געהיימע רעגירט.

הקיצור, נאָר איינמאָל וועל איך אייך נאָך שרייבען
אַ נאָכוואָרט פון מושב זקנים אַרויס,
און דאַן וועט דאָס בוך זיך פון למך השני
פאַרמאַכען און בלייבען געשיכטע נאָר בלויז.

נאָר זייט ניט דערשלאָגען וואָס איך וועל פאַרשווינדען,
אַזוי ווי אַקטיאָרען פון בינע אַראָב,
ווייל למך וועט לעבען ווייל דאָס איז זיין גורל,
און וועקען צו פּראָגרעס וואָס שטעלט זיך ניט אָב!

דערווייל לאָמיר מאַכען אַ חשבון הנפש,
ווען ס'רופט אונז דער אלול מיט רחמים אין קול,
און מורמעלט ווי בוימער אין הערבסטיגען אָבענד,
און בעט זיך, טוט תשובה פאַר זינד פון אַמאָל.

12-8-1945

# מיין „גוד-ביי״

הקיצור, רבותי, איך האָלט מיין פאַרשפּרעכען,
און שיק אייך מיין שלום־וואָרט, גוד־ביי און אַדיע,
כאָטש איך וואָלט אַ בעלן געווען אייך דערציילען
דאָס אַלעס וואָס כ'הער דאָ און אַלעס וואָס כ'זעה.

עס איז דאָך אַלץ אַנדערש אין מושב זקנים,
ווי ס'איז דאָרט אייער וועלטעל אין דרויסען ביי אייך,
ווייל דאָ יאָגט זיך קיינער שוין מער פאַר קיין גליקען
צו כאַפּען נאָך אוצרות און ווערען גאָר רייך.

עס הערשט אַ מין שטילקייט, אַז ס'איז גאָר אַ תענוג,
בלויז הוסטען און אָכצען אַליין שטערט די רו,
אַז ניט וואָלט דאָך טאַקע דאָס מושב זקנים
געווען ווי אַ ברכה פאַר אַלעמען דאָ.

און דאָך איז אַ נחת צו פילען, עמפּינדען,
ווי אַלעס איז עפּעס משונה'דיג ניי,
אַז ס'האָט זיך דער חשבון כמעט ווי געענדיגט,
און דו ביזט פון קאַמף און פון זאָרגען שוין פריי.

אוים דאגות פרנסה, אוים קנאה און שנאה,
קיין לויפען צו קומען אין פאָראוים פון וועג,
ווייל דאָ לעבען אַלע בשלום, בשלוה,
דאָס אמת'ע לעבען פון נעכטיגע טעג.

אַ סימן האָט איר דאָך מיין שטייגער פון שרייבען,
געלאַסען, מיט ישוב הדעת, ניט געאיילט,
אָהן ווערטער וואָס בייסען, אָהן רמז פון קיבעץ,
אַזוי ווי איך וואָלט אייך אַ מעשה דערציילט.

נאָר בלויז אויף הערש לייב האָב איך שטאַרק איצט רחמנות,
וואָס ער האָט זיך, נעביך, געמוזט דאָס אויסשטיין
ביז וואַנען עס איז אים צום סוף אויך געלונגען,
אַז איך זאָל אין מושב זקנים אַריין.

אַ קליינינקייט עפּעס צו האָבען די זכיה
צו ווערען אין מושב זקנים געשיקט,
אַז דאָס איז אַן ענין פאַרבונדען מיט צרות,
און ניט אַלע ווערען צו דעם אויך באַגליקט.

ווייל קודם מוזט איר דאָך אָבקלאַפּען די טירען
פון אונזערע „גרויסע" אין מידעלסעקס סטריט,
(איך מיין דאָ די אידישע באָארד אָף גאַרדיענס)
און האָבען זכות אבות און געלד אויך דערמיט.

און העלפט אייך שוין גאָט און איר קריגט שוין אַ בויגען
מיט פראַגען און שאלות אַז ס'שווינדעלט אין קאָפּ,
ווייל זיי מוזען אַלעם געווי דאַרטען וויסען,
ווער ס'איז דער בעל דבר, וואָס זיי שיקען אָפּ.

ווי הייס איך, מיין עלטער, ווי לאַנג אין ווייטשעפּעל,
די טעכטער, די זין און פון וואַנען איך שטאַם,
צי האָב איך אַמאָל זיך געקריגט מיט מיין ציפּע'ן,
צי שטענדיג געלעבט ווי צוויי טייבלעך צוזאַם?

צי בין איך אין תפיסה שוין פריער געזעסען,
אויב יאָ, טאָ איז וואָס מיין פאַרברעך דאַן געווען,
אַ מערדער, באַנקראָטניק, צי סתם גאָר אַ שווינדלער,
וואָס האָט אַלע לאַ'ס בכונה פאַרזען?

צי בין איך געזונד און צי האַלט איך מיך זויבער,
צי נעם איך אַ וואַנע כאָטש איינמאָל אין יאָר,
און איז אויך מיין מוח נאָך אַ גייסטיג נאָרמאַלער,
מיט איין וואָרט, אַ איר ניט משוגע נאָר קלאָר?

וואָס האָב איך געאַרבייט און וואָס איז מיין טועכץ,
אַ שניידער אַ גבאי, אַ שוסטער אַ רב,
צי שנאָרך איך בייטאָג, ווען איך כאַפּ מיר אַ דרעמעל,
און איז אויך מיין טבע צו רעדען פון שלאָף?

צי טראָג איך פּידזשאַמעס, ווען איך גיי מיך לייגען,
און האָב איך אויך מענשען, וואָס קענען מיך הי,
נאָר דאָ איז הערש לייב שוין אַרויס פון די כלים,
און זיי פּראָסט געזאָגט, אַז כ׳בין למך השני.

טאָ ווער איז דער למך, האָט זיך ווי גע׳חידוש׳ט
די באָארד דאָרט די גאַנצע און טיף זיך פאַרקלערט,
אַ באָקסער אַ טשעמפּיאָן, אַ פילם סטאַר, אַ דזשאָקי? —
מיר האָבען דעם נאָמען נאָך קיינמאָל געהערט!

נאָר מיינט ניט, אַז דאָ האָט זיך אַלץ שוין געענדיגט,
דאָס איז דאָך געווען ערשט אַן אָנהויב נאָר בלויז,
קאָמיטעס און מיטינגס, בקשות און רחמים,
און אָפּט האָט געדאַכט זיך ס׳קומט גאָרניט אַרויס.

ביז ענדליך די באָארד האָט גע׳חתמ׳עט מיין גורל,
געגעבען איר הסכם, און אָט בין איך דאָ,
און לעב ווי אַ לאָרד מיר ביים טיר פון גן עדן,
אַזוי אַז איך געניס פון נחת און רו.

נאָר איצט, אַז כ׳האָב צייט שוין צו מאַכען סך הכל,
און טראַכט מיר ניט מער פון קיין פּלאַץ אויבען־אָן,
פיל איך ווי צו בעטען ביים עולם מחילה,
אויב איך האָב אַמאָל אייך ווען ס׳איז וויי געטון.

איך האָב דאָך געזוכט בלויז אייער אייגענע טובה,
דאָס קרומע און מיאוס׳ע זאָל גלייך זיין און שיין,
אָפּשאַפען מחיצות פון נאַרישען גדלות,
אבי ס׳זאָל אַ איד כאָטש אַ אידען פאַרשטיין.

איך בין דאָך אייך אַלע אין גאַס נאָכגעגאַנגען,
און האָב אייערע מעשים געפאָרשט און באַטראַכט,
נאָר ווען איך האָב טיילמאָל פון ווייטאָג געשריען,
האָט איר זיך גאַנץ איינפאַך פון מיר אויסגעלאַכט.

ס'איז אמת, אַז דאָס איז געוועזן מיין מזל,
וואָס איר האָט מיך בלויז ווי אַ ברחן געקענט,
אַז ניט וואָלט איר אפשר געמאַכט מיר אַ „לייבעל"
און אויך מיך געלערנט די באַדייטונג פון הענט.

אַ שאלה אַ ביסעל אויף אידען „גדולים",
(גדולים אין גענזענע פיסלעך געראַמט),
זיי זיינען דאָך שרעקלעך, געוואַלטיג עמפינדליך
אפילו אויף קיבעץ בדחנות געגראַמט.

נאָר מיינט ניט, אַז איך האָב געהאַט פאַרגעניגען,
ווען איך בין געלאָפען צו זיין איבעראַל,
און אָפט זיך געוויצעלט מיט אויגען פאַרטרערטע
אויף צרות הרבים מיט ביטערער גאַל.

אָ, זעט ווי געזונקען דאָ איז דאָס יהדות,
האָב איך אייך געוואָרענט, נאָר איר האָט געלאַכט,
עס שטייט שוין דער אידישער גייסט ביי זיין קבר,
און איר האָט געמיינט כ'האָב צו נאַר מיך געמאַכט.

אַ סימן, איר האָט נאָך אַלץ שוהלען, רבנים,
וואָס האַלטען נאָך אויף אַ מין וויים־איך־וואָס פונק,
טאָ וואָס קלאָגט דאָרט לְמך פון קיום האומה,
און פלאַפּעלט פון אַלץ וואָס אים קומט אויף דער צונג!

ווער בעט אים דען קוקען אַהין וואו מען דאַרף ניט,
און זוכען דעם אמת אין עולם הזה,
אַז סיי ווי לעגט קיינער קיין אַכט אויף אַ בטלן,
וואָס קרעכצט בלויז און טומעלט און שרייט אים טוט וועה!

גערעכט זענט איר אַלע, צדיקים באַצאָלטע,
ווייל אָפט זינגט דער שקר אמאָל פאַר אַ צייט,
ביז וואַנען דער אמת-נצחון צוברעכט אים,
און מעקט אָב זיין איינפלוס מיט חוזק באַגלייט.

און אויב איך האָב טיילמאָל אַזוי זיך צושריען,
זייט מוחל מיר איצטער, רבותי, מיין חטא,
ווייל איר און ניט איך זעט די פרוכט פון אייער אַרבייט,
כאָטש ס׳איז פאַר חרטה נאָך אַלץ ניט צו שפּעט.

נאָר איך בין שוין אַלט און צו מיד נאָך צו קעמפען,
אַזוי ווי דאָן קיכאָט מיט וואָרט געגען ווינט,
דערפאַר וואָס איך אָב מיינע הענד פאַר דער צוקונפט,
און טרייסט מיך, אַז כ׳האָב ניט קיין שולד אין אייער זינד.

און טאַקע צי האָבען געזינגט מיינע טענות,
אַז שטאַרקער פון מיר זענט איר תמיד געוועז,
נאָר איצט לאָז איך איבער מיין מיסיע הערש לייב׳ן,
און האָף מיר, אַז ער וועט אייך מאַכען נאָך זען.

נאָר גלויבט מיר, אַז איך וועל נאָך וייטשעפּעל בענקען
אין איינזאַמע שטונדען אין טאָל באַרג־אַראָב,
און שיקען אייך אַלע מיין ברכה פון ווייטען,
ביז וואַנען מיין אָטעם הערט אויף, שטעלט זיך אָב.

איך האָב דאָך אייך אַלע מיט שטותים בתוכם,
ווי ברידער און שוועסטער געליבט און געשעצט,
כאָטש איר האָט געטריבען פון מיר אָפט קאַטאָוועס,
און מיך איגנאָרירט און מיין כבוד פאַרלעצט.

נאָר מוחל, זאָל זיין שוין פאַרגעבען, פאַרגעסען,
מיר שטייען דאָך איצט פאַר די פורכטבאַרע טעג,
טאָ לאָמיר צוזאַמען מתפלל זיין, בעטען,
אַז גאָט זאָל אונז ווייזען פון תחיה דעם וועג.

איך בעט אויך מחילה ביי אַלע קאָלעגען,
די שרייבער און דיכטער פון גייסטיגען פאַך,
אויב איך האָב זייער גרויסקייט מיט עפּעס פאַרקלענערי
און צופיל דערלויבט זיך מיט רמז און שפּראַך.

איר זענט דאָך ביי מיר ווי אַ קרוין פון דימאַנטען,
וואָס בליסטשעט אראָב פון ווייטישעפּעלער קאָפּ,
ווייל אָהן אייך וואָלט דאָ בלויז געווען אַ בית עולם
מיט פערדלעך און הינט נאָר אין „רייסעס" גאַלאָפּ.

איר האָט דאָך ווייטשעפּעל אַ נאָמען געגעבען,
דורך ווערק דאָ געשאַפען און ליד אויסגעשמידט,
אַז ניט וואָלט די וועלט פון דעם ווייטען אין־דרויסען
שוין מער ניט געוואוסט, אַז דאָ לעבט נאָך אַ איד.

איך וואָלט אייערע נעמען מיט פרייד אויסגערעכענט,
נאָר ס'ווינקט שוין דער שומר מיט בייזקייט מיר צו,
אַז עולם וויל שלאָפען אין מושב זקנים,
און איך טאָר ניט שטערען די „רולס" דאָ פון רו.

כאָטש אמת, איך לעב אין אַ נייער מדינה,
וואו יעדערער חלומ'ט פון דורות צוריק,
און טראָגט זיך ארום מיט אַ „סטאָרי" אַ לאַנגער
פון דורכפאַל, ערפאָלג און פון צרות און גליק.

און יעדער פון זיי גלויבט, אַז בלויז זיין היסטאָריע
געווען וואָלט פאַר שרייבער אַן אמת'ער קוואַל,
ווייל דאָס וואָס האָט אים אין זיין לעבען געטראָפען,
איז עפּעס אַזוינס וואָס איז זעלטען דער פאַל.

נאָר גיי און באַשרייב זיי די „סטאָרים" פון אַלע,
ווען ס'קריצט שוין הערש לייבל אויף מיר זיינע ציין,
און שרייט אין רציחה, אַז איך בין אַ גזלן,
ווייל איך האַלט „כיין ווינקעל" פאַר מיר נאָר אַליין.

נו, גוט, שריי ניט, איידים, האָב איך אים געענטפערט
דו הערסט דאָך איך זאָג שוין ווייטשעפּעל „גוד-ביי“,
און איצט וועל איך זעהן וואָס דיין מוט און דיין יוגענד
קען זאָגען רבותי און לערנען אויך זיי.

נאָר דאָ האָב איך אים שוין מיין פּען אָפּגעגעבען,
„מיין ווינקעל“ און אַלץ וואָס איז מיינס נאָך געווען,
און ממש געוויינט ווי אַ קינד אויף זיין אַקסעל,
ער זאָל ניט קיין זאַך אין ווייטשעפּעל פאַרזען.

היט אָב דיין ירושה, הערש לייב, מיין בעל ירשן,
האָב ליב אַלע אידען סיי אָרים און רייך,
און זינדיגט דער עולם דאַן שטראָף אים מיט רחמים,
נאָר זיי ניט ווי למך צו שוואַך און צו ווייך.

און זאָג דאָרט, רבותי, ביי דיר אין ווייטשעפּעל,
אַז כ'ווינש זיי אַ גוט יאָר און האָב זיי געגריסט,
אַז למך ווערט איינמאָל אין דורות געבוירען,
און וואַלגערט זיך זעלטען אָרום אויף דעם מיסט.

19-8-1945

---

# פון מושב זקנים

## ערשטער בריף

אדיגי רעדאַקטאָר, ר' הערדי הנכבד,
זייט מוחל וואָס איך שרייב דאָס בריוועל צו אייך,
באַטש איר האָט אודאי מיך לאַנג שוין פאַרגעסען
ווי יעדערער בשר ודם וואָס ווערט רייך.

נאָר אויב איך זאָג אייך אָט די ווערטער די שאַרפע,
מיין איך דאָך חלילה קיין שלעכטס און קיין בייז,
ווייל איר זענט דאָך טאַקע אַ חשוב ביים עולם,
און אויך דאָ ביי אונז אין דעם אייגענעם קרייז.

מען פרעגט מיך נאָר אָפט וואָס איר קומט ניט באַזוכען
דעם אַלטען ר׳ למך, אייער חבר און פריינד,
און אויך וואָס ווייטשעפעל וויל מער שוין ניט וויסען
צי לעב איך נאָך אַלץ און ווי פיל איך מיך היינט.

איז דאָס אַנערקענונג פאַר יאָרען לאַנג שאַפען
און אַרבייטען בלויז פאַר דער מאַסע און קהל,
ווען קיינער דערמאָנט זיך אַ חוב צו באַצאָלען
און קומען מיך זען אין אַ יובל אַמאָל.

איר ווייסט דאָך איך רויכער נאָך אַלץ סיגאַרעטלעך
און האָב אויך ניט פיינט אויף דער עלטער אַ נאַש,
אַ שטיקעלע טשאָקלאַד דאָס האַרץ צו דערקוויקען,
צו נעמען אַ טראָפען פון פרומקינ׳ס אַ פלאַש.

נאָר ווי עס ווייזט אויס איז דאָס אַלץ ווי אַ חלום,
וואָס איך בלויז אַליין טראָג מיט אים זיך אַרום,
און וואַרט נאָר אומזיסט אויף ווייטשעפּעלער יושר,
וואָס איז צו אַ זקן ווי איך טויב און שטום.

און דאָך, דאָך, ר׳ הערשי, טוט וויי און באַליידיגט
די קאַלטע באַציאונג, די פרעמדקייט צו מיר,
אַז אויך מיינע בעסטע ידידים קאָלעגען
פאַרמיידען פון מושב זקנים מיין טיר.

אפילו ר׳ שטענצעל וואָס האָט מיך גע׳ירש׳נט
און האָט מיין פאָרטפעלע פאַר קולטור פאַרכאַפּט:
האָט אויך, לא עלינו, קיין צייט צו געדענקען,
אַז ערגעץ זיצט למך פאַרשלאָסען, פאַרקלאַפּט.

און מיינט איר, אַז לעווי צי פּאַלמע איז אַנדערש,
אַז טויבש און וודהייט קומען יאָ דאָ אַהער
כדי צו באַגריסען דעם דיכטער דעם גרעסטען,
וואָס האָט אָבגעזונגען און שרייבט שוין ניט מער?

צי אפשר גאָר דענקט איר אַז פריינד משה עובד,
אַז גאָלדשמידט און קלינגער דערמאָנען זיך דאָך,
אַז ווייט פון ווייטשעפּעל אין שאָטענס פון זקנה
דאָרט זשיפּעט און אָטעמט אַ גדול אַלץ נאָך?

צי גאָר ראָמאַנאָווסקי, צי הערש אָדער ליסקי,
צי ביטש אָדער קאַטץ זיי באַזוכען מיך ווען,
טאָ לאָמיך אייך זאָגען, אַז דאָס איז פאַנטאַזיע,
וואָס קען אין דער ווירקליכקייט קיינמאָל געשען.

אפילו די דאַמען ווי סידראָ און קרייטמאַן,
און אויך קייטי בראַון האַלטען זיך אָבגעפרעמדט,
און ווילען ניט קענען זייער אַלטען קאָלעגע,
ווי זיי וואָלטען זיך מיט זייער למך געשעמט.

אָט דאָס הייסט חברים גדולים פאָר־פּאַכו,
וואָרפט פאָר מיר דאָ עולם מיט שפּאָט און פאַרדרוס,
און ראַטען מיך אָפּט מיט רחמנות און נעבעך'ס
צו שיקען צו אייך שוין אפילו קיין גרוס.

ווייל זעה, טענה'ן זיי, ווי די גאָס איז דיר דאַנקבאַר
פאָר יאָרען פון פראַצע לטובת הכלל,
אַז ווי נאָר דו האָסט דיר דיין ראָלע פאַרענדיגט,
פאַרנעמט באַלד אַ צווייטער דיין פּלאַץ אין דעם שטאַל.

נאָר גיי און מאַך קלאָר זיי דעם תוך פון דעם לעבען,
ווען פרילינג צעלייגט זיך אין גאָרטען און פעלד,
אַז למך ווערט אַנדערש אין צייטען פון אויפבלי
און ליב ווערט דער מענש אים און אַלץ אויף דער וועלט.

דערפאַר טאַקע לאָז איך מיין ברוגז אויף ווינטער
און שיק אייך פאַר'חבר'ט מיין גרוס פון דער ווייט,
כאָטש ס'קוקט אויף מיר ס'יונגוואַרג פון מושב זקנים
פונקט ווי אויף אַ אינגעל צונאַרישט, פאַרשייט.

נאָר קודם וויל איך דאָ באַגריסען די שרייבער,
וואָס זיינען געשטיגען אין געלד־ווערט גאָר הויך,
אַזוי אַז מען רייסט זיך פאַר זייערע יצירות
אין פערזען, אין פראָזע און אַרטיקלען אויך.

אַז פונקט ווי אויף הייוועז האָט זיך איצט צעוואַקסען
די נויט פאַר אַ אידישען קינסטלעריש וואָרט,
ווי ס'וואָלטען שוין דיכטער געפעלט אין ווייטשעפעל
כדי צו פאַרנעמען זייער גדלותדיג אָרט.

אַז וואו נאָר אַ געסעל דאָרט בליען זשורנאַלען,
אַזוי ווי געבוירען אויף איבער דער נאַכט,
נאָר בלויז וועגען מיר האָט זיך יעדער פאַרגעסען
ווי איך וואָלט גאָר קיינמאָל קיין לידער ג ע מ אַ כ ט .

נאָר גאָרניט, איר מיינט אפשר ס'גייט מיר אין לעבען,
פאַרקערט גאָר, עס פרייט מיך און איך ווינש זיי גליק,
זאָל וואַקסען און בליען מיט נאָך, נאָך זשורנאַלען,
אַזוי ווי אין עבר מיט צייטען צוריק.

עס איז דאָך אויך מעגליך אַז דאָ זאָל נאָך ווערען
אַ מנין פאַרלאַגען פאַר ביכער אַ סך,
אַז אידיש זאָל ווערען דער ציל פון יאַהודים,
און אויך פאַר די רעוורענדס צו „פּריטשען" די שפּראַך.

נאָר וואָס האָב איך מיך דאָ צו'חלום'ט אין נסים,
אַז עיקר שכחתי וואָס איך וויל דערגיין,
וואָס הערט מען ביי אייך און וואָס מאַכט דאָרט ווייטשעפּעל,
און אויך סאָכאַטשעווסקי בתוכם אַליין.

מען זאָגט מיר, אַז ער איז צעקריגט מיט זיין פּעדער,
אַז ס'האָט זיך זיין מוזע שוין אויסגעוועפּט לאַנג,
אויב יאָ איז דאָך טאַקע אַ ביטער רחמנות,
און אפשר גאָר איז דאָס ניט מער ווי אַ קלאַנג ?

וואָס מאַכט אויך אייער מאַרקאָוו דער בינע מכשף,
צי איז נאָך דער עולם אין אים אַלץ פאַרליבט,
און לאַכט זיין געלעכטער ווי גליקליכע קינדער,
און וויינט זיינע טרערען ווען ער שפּילט באַטריבט ?

אַ שאָד וואָס ער קומט ניט אין מושב זקנים
צו געבען קאָנצערט פאַר די אַלטיטשקע לייט,
וואָס לעכצען אַמאָל אויך צו הערען אַ לידעל,
צי גאָר אַ פראַגמענט פון דער „גאָלדענער קייט".

וואָס מיינט ער אַז אונז קומט שוין מער ניט קיין נחת,
אַז בלויז גרענד פּאַליי האָט אויף אים דעם פּאַטענט,
און אונז, די זקנים, פעלט כח שוין צו שרייען,
בים, בים, פאַר ר' מאַרקאָוו, און פּאַטשען די הענט ?

און וואָס הערט מען אויך מיט זיין חבר פּאָליאַקאָוו,
וואָס שפּילט ממש טראַגיש אין וויץ און אין שפּאַס,
אַז ס'קייקעלט זיך פשוט דער עולם פון לאַכען,
וועט ער ווערט אַמאָל אויף קאַטאָוועס אין כעס ?

וואָס מאַכט אויך דאָרט שטיינבערג דער נייער אַפּאָסטעל
פון אַלטע אידען באַנקראָט, אונבאַקאַנט,
צי זוכט ער נאָך אַלץ אין די וואָלקענס־דמיונות
פאַר אידען אַ ווינקעל, אַ היים און אַ לאַנד ?

צי מיינט ער מיר זיינען נאָך אַלץ ווי אַ לייטער
אויף וועלכען צו שטייגען פאַר גרויסקייט און רום,
און האַלטען דרשות געוועבט פון אַבסטראַקטען
כדי אויך צו מאַכען דאָס גלייכע פאַר קרום ?

און איצטער וואָס מאַכט דאָרט הרב קאָפּול ראָזען,
וואָס דענקט ער, וואָס פילט ער אַצינד אויף זיין אמת,
צי וועט אים געלונגען אַ יוגענד דערציען
וואָס זאָל כאָטשיק וויסען פון וואַנען זי שטאַמט?

אַז אַלץ איז דאָ זאַמדיג, פאַר׳מדבר׳ט געוואָרען,
קיין חינוך, קיין לעבען, פאַרגליווערט און קאַלט,
בין איך דאָך אודאי קיין מענש ניט מקנא,
וואָס פילט זיך פאַרבלאָזשעט אָהן וועג אין אַ וואַלד.

נאָר ס׳טרייסט מיך מיין שכן אין מושב זקנים
איך זאָל ניט אַריינפאַלען אין עצבות און פּיין,
אַז גראָד רבי ראָזען קען ווייזען נאָך וואונדער,
און איך האָב אים דריי מאָל געענטפערט: אמן.

נאָר זייט מיר, ר׳ הערדי, איצט מוחל מיין נודעבץ,
וואָס איך האָב פאַרמוטשעט מיט קשיות אייך פיל,
ווייל איר האָט דאָך זיכער נאָך אַנדערע דאגות,
ווי בלויז אויסצוהערען וואָס למך דאָרט וויל.

אויב נודיען מיט טענות, מיט עוולות, פּראָטעסטען,
צו דעם איז דאָך טאַקע אַ „יונאָ“ פאַראַן,
וואָס רעדט אַלץ און רעדט און האַלט אַלץ אין איין רעדען
און מאַכט ניט אין פאָראויס צו שלום קיין שפּאַן.

נאָר דאָס, זעט איר, איז שוין אַן ענין פאַר שפּעטער,
ווייל שאַרף איז די זקנה אין זין פּאָליטיק,
אַז דאָס וואָס געשעט איצט, זאָגט מושב זקנים,
איז שוין לאַנג געשען נאָך מיט דורות צוריק.

דערווייל זייט געגריסט מיר און וואַרט אויף מיין המשך,
וואָס איך וועל, בלי נדר, נאָך שרייבען מסתם,
אַבי זאָל כאָטש קהל ניט פאַרגעסען אַז למך
קוקט אויס אויף ישועות מיט אַלע צוזאַם.

20-5-1946

# צווייטער בריף

הקיצור, ר׳ הערהי, אַ יישר כוחך
פאַר דרוקען מיין בריוועל ביי אייך אין די „צייט",
ווייל ס'דאַנקט אייך דער עולם פון מושב זקנים,
וואָס מיר האָבען אַלץ נאָך פאַר אייך אַ באַדייט.

אַבי ס'האָט זיך יעדער אומזיסט דאָ געשראָקען,
אַז מיר האָבען שוין פאַר דער וועלט ניט קיין ווערט,
אָט פונקט ווי פאַר אייגענע זיהן און פאַר טעכטער,
וואָס מיידען אונז אויס, ניט געזען, ניט געהערט.

נאָר גאָרניט, אַזוי איז מסתמא דער שטייגער,
דער גורל פאַר אַלטע בלויז איינזאַם צו זיין,
ווייל ס'האָבען די קינדער דאָך אייגענע דאגות,
און בעסערע פּלעצער וואוהין אויך צו גיין.

און דאָך בין איך מודה אַז ס'איז פּאָרט אַן עוולה,
צי האָבען מיר ווייניג געפּראַצעוועט פאַר זיי,
געבויט זיי געשעפטען, געגעבען זיי נדן'ס,
און קיינמאָל פון זאָרגען אַ רגע ניט פריי.

אפילו מיין עני, מיין פּעני און סיביל,
פאַר וועלכע איך האָב אָפּט די קישענס „פּאַרפיינט"
אַבי נאָר עס זאָל זיי ניט פעלען קיין לוקסוס,
דערמאָנען זיך אויך שוין אין מיר מער ניט היינט.

נאָר איך בין זיי מוחל און האָב ניט קיין טענות,
ווייל זיי זיינען נעבעך פאַרנומען אַ שרעק:
ווען ס'רופען טעאַטערס, דער הייד־פּאַרק און פּיקטשורס,
טאָ ווי גייט מען פלוצלינג צום טאַטען אַוועק?

איז טאַקע אויף זיי דאָך אַ ביטער רחמנות
צו זוכען נאָר תענוג אוועק פון דעם הויז,
כאָטש מושב זקנים קען מיך ניט באַגרייפען
און לאַכען גאָר הויך פון מיין מיטלייד זיך אויס.

צי ווייסט איר, ר׳ למך, מאַכט חוזק אַ זקן,
אַז ס׳האָט שוין אייער סיביל אַ חופה געשטעלט,
און איינפאַך געשעמט זיך דעם טאַטען צו רופען,
ווי איר וואָלט שוין מער ניט געווען אויף דער וועלט?

צי ווייסט איר, כאַפּט אונטער אַ זקן אַ צווייטער,
אַז ס׳האָט שוין אייער עני אַ ברית אויך געמאַכט,
און פּעני וואוינט איצט מיט איר מאַן אַזש אין העמפּסטעד,
און לעבען ווי דיכטער אין ווילטאָג און פּראַכט?

מען שמועסט אויך, זעצט פּאָר שוין אַ זקן אַ דריטער,
אַז אייערע פריינד טראַכטען מער ניט פון אייך,
ווייל איר זענט אַ לאַסט פאַר זיי שטענדיג געוועזען,
אַ מענש אַ שלים־מזל, וואָס האָט קיין פאַרגלייך.

איר האָט דאָך געבויט אויף אייער איידעם פּאַלאַצען,
און האָט אים אייער כסא הלמך פאַרטרויט
כדי צו דערהאַלטען ווייטשעפּעל ביים לעבען,
אַז אַלץ זאָל ניט ווערען פאַרגליווערט און טויט.

טאָ וואו איז זיין שרייבעכץ מיט קולות און ברקים,
אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר דער איצטיגער צייט,
ווען ס׳קומט שוין אַנטקעגען דער חג מתן תורה
מיט שאַלען פון שופרות־יהדות באַגלייט?

וואָס לאָזט ער ניט הערען זיין וואָרט וועגען חינוך,
וואָס דרייט זיך אַריין אין די הענד פון אַ ראַט,
וואָס וויל אונזער יוגענד דערציען אין פרעמדקייט,
און טייטשען גמרא מיט ענגלישען פּשט?

צי האָט דען אַ טעם דער ואמר אביי
אין „סאָ סעיד אַביידזשי“, אָהן ניגון, און חן,
אָהן שאָקלען זיך פרום און מיט גלי אין די אויגען,
אַז ס׳זאָל טיף דאָס לערנען אין הארצען אַריין?

און וואָס פאַר אַ טעם האָט בית שמאי, בית הלל
אין „סאָ סעיד׳ס“ גע׳פּלפּול׳ט גאַנץ רוהיג און קאַלט,
ווי ס׳וואָלט ניט קיין גאונות נאָר ניטשע געפּרעדיגט
זיין איבער־מענש חכמה פון כח און געוואַלד?

נו, טאַקע ווי קען מען דען לערנען גמרא
אָהן אידישען וואַרימען הארציגען וואָרט,
און זיין אונטערוואָרפען דעם זכות פון די לייצעם
אויף גליטשיגע וועגען געשלעפּט פון אַ „באָרד“?

אַז אידיש פאַר זיי איז אַ בגד אַ פרעמדער,
זיי האָבען אים פיינט ווי אַן איבריגען גאַסט,
כאָטש אונזערע טאַטעס און דורות פון גאונים
האָט גראָד אָט דער ליבוש געוואַרמט און געפּאַסט.

דאָך אַרט ניט אייער איידעם די גרויסע סכנה,
אַבי נאָר מען לאָזט אים אַליין דאָרט צורו,
צי אפשר גאָר האָפט ער צו קריגען אַ פּאָסטען
מיט שכירות, מיט דירה און כבוד דערצו?

ווייל וואָס טוט אַ מענש ניט פאַר ברויט און פרנסה,
פאַר מאַכען קאַריערע על חשבון הקהל,
אַז שלאָגען על חטא זיך איז צייט אויף דער עלטער,
ווען הבל הבלים ווערט קלאָר פאָרט אַמאָל?

וואָס מיינט איר אַז יעדער קען זיין אַ מאַרטירער,
און זאָגען דעם אמת אָהן פחד ווי איר,
צו לויבען אַ זינגער ווי גאָלדשטיין אַלס קינסטלער,
ווען ס׳קוקען חזנים מיט בייזקייט אויף דיר?

צי גייט נאָך אויף מיטינגס, אספות, באַראַטונגס
די דאָקטאָר סעלינאַ סאָקאָלאָוו אויך איצט,
וואָס מאַכט ניט קיין חילוק פון אידען צו אידען,
און ס׳איז אויבען־אָן יעדער פּלאַץ וואו זי זיצט ?

עס לאָזט דאָך הערש לייב גאָר קיין וואָרט פון זיך הערען
ווי ער וואָלט ווייטשעפּעל גאָר קיינמאָל געקענט,
צי איז דען אייער היטעל צו גרויס פאַר זיין קעפּעל,
אַז ער זוכט בלויז שוץ אין די אייגענע ווענט ?

אַ שאָד וואָס איר, למך, זענט אַלט שוין געוואָרען,
און לאָזט מער אייער קול אויף דער גאַס ניט אַרויס,
צי אפשר וויל אייך שוין ר׳ הערהי ניט דרוקען,
ווייל אַלץ וואָס איר שרייבט איז גענודעכץ נאָר בלויז ?

אָט פּונקט ווי עס נודיען די פּירער פון פעלקער,
וואָס רעדען פון שלום און זאָגען קיין וואָרט,
און ברוגז׳ן זיך ווי פאַר׳עקשנ׳טע קינדער,
אַזוי אַז עס רירט זיך קיין זאַך ניט פון אָרט.

זאָגט איינער ס׳איז טאָג, זאָגט דער אַנדערער אָבענד,
טאָ ווי קען מען טאַקע אַ טאָלק דאָ דערגיין,
מסתמא אַזוי אָט צודרייט און צוקריפּעלט
מוז אויך איצט אייער שטות פאַר אייער הערהי׳ן דאָרט זיין.

געהערט אָט די ווערטער האָב איך מיך צושמייכעלט
און רוהיג מיין בערדעל געגלעט מיט דער האַנט ;
אוי, נאַרישער עולם, האָב איך זיי געענטפערט,
און דאָך איז ר׳ למך באַרימט און באַקאַנט.

נאָר דאָ האָב איך זיי שוין די „צייט" אויפגעעפענט
און זיי דאָרט מיין בריוועל דעם ערשטען געציינט,
האָט זיך שוין דער עולם אַרום מיר געטוליעט
און גליקליך באַגייסטערט געקוקט און פאַרשווייגט.

נאָר זעט ווי איך בין גאָר צום אָנהויב פאַרקראָכען,
אָט פּונקט ווי עס וואָלט מיר געפעלט שוין אַ סטראָף,
און ציה אויס מיין בריוועל אָהן זין און באַדייטונג
ווי רעדנער וואָס רעדען אָהן אויפהער און סוף.

די סיבה איז בלויז דאָ דער עולם זקנים,
וואָס האָט צו די ברילען זיך האַסטיג געכאַפּט,
און ניט בלויז געלעזען מיין בריף מיט די גראַמען
נאָר ממש די אותיות מיט חידוש באַטאַפּט.

און דאָ זעט איר, הערריי היקר, הנכבד,
האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווילדער געיעג,
ווייל יעדער געוואָלט האָט זיין „סטאָרי" דערציילען
פון עבר דעם אַלטען און אַנדערע טעג.

זיי טענה'ן אַז ס'דאַרף אין געשיכטע פאַרבלייבען
ווי האָט דאָס ווייטשעפּעל אַמאָל אויסגעזען,
ווער ס'האָט דאָ געלעבט און געליטען, געשאַפען,
און וואָס פאַר אַ מענשען דאָס זיינען געווען.

נאָר פויל מיך אַ גאַנג אויף די יאָרען די אַלטע
און טראָג זיך אַוועק צום פאַרגאַנגענעם גליק,
זיי מיינען אַז איר מיט ווייטשעפּעל בתוכם
האָט גאָרניט צו טון נאָר בלויז קוקען צוריק.

פרעג איך זיי דאָך, אידען, געוואַלד, היתכן,
צי מיינט איר אַז דאָס האָט פאַר עולם אַ ווערט,
ווען ס'לאָקערען מצוות אויף אונזערע גאַסען
און רייצען מיט „רייסעס" פון הינט און פון פערד?

מען מוז דאָך אָנפרעגען דעם אדון רעדאַקטאָר
אויב ער איז אויך מסכים מיט אונזער געדאַנק,
און אויב ס'קען די „צייט" נאָך פאַרדייען געשיכטע,
וואָס קען זיך פאַרציען אויף דורות נאָך לאַנג.

היער, היער, האָט דער מושב זקנים געשריען,
אודאי, וואָס דען, פרעגט זיך טאַקע דאָרט אָן,
און איצט, ליבער הערדי, וואַרט איך אויף אייער תשובה
ווי איך זאָל דאָ האַנדלען און וואָס איך זאָל טאָן.

נאָר כ׳בעט איך זייט מוחל מיין היינטיגען ערנסט,
ווייל ס׳לאַכט זיך אין מושב זקנים ניט אָפּט,
כאָטש מיר זיינען מער ניט אזוי ווי דאָס יונגוואַרג
מיט פרייד פאַר דער צוקונפט און האָפנונג געשטראָפּט.

29-5-1946

---

## דריטער בריף

איך דאַנק אייך, ר׳ הערדי, אַצינד פאַר אייער תשובה,
וואָס האָט ווי דערקוויקט מיין פאַר׳חלש׳ט געמיט,
אין אויך פאַר אי־ער נייגיר, אַז איך זאָל אייך שרייבען
ווי ס׳פילט זיך אין מושב זקנים אַ איד.

איר פרעגט מיך צי האָב איך חרטה אַלס זקן,
צי בענק איך צוריק נאָך פאַרגאַנגענע טעג,
ווען לעבען איז יונג נאָך געווען מיט חלומות
און ברייט אויך און זוניג אין ווייטען דער וועג.

וואָס טראַכט איך ווען כ׳ליג אויף מיין איינזאַם געלעגער
אין שלאָפלאָזע נעכט ווען אַרום מיר איז שטיל,
און ערגעץ פון יאָרען פאַרגעסען, פאַרנעבעלט
וואַכט אויף אַ מחשבה, גליט אויף אַ געפיל.

צי זעה איך דעם שטות דאָן פון אַלץ און פון אַלעם,
און גלוסט זיך מיר לאַכען צי ווײנען דערביי,
ווען איך שטיי ביים הערבסט שוין אין אָנהויב פון זומער
און בין פון די דאגות פאַר מאָרגענס שוין פריי?

ווי זעט דען אַן אַלטער די צוקונפטס געשטאַלטונג
פון פעלקער, פון לענדער און אַלץ מיט אנאנד,
וועט קומען אַ צייט נאָך פון רו און פון שלום,
ווען מענש וועט ניט הויבען צו מענשען קיין האנד.

וועט הערשען בלויז גוטס אָדער שלעכטס וועט רעגירען,
און שקר און רשעות וועט געבען דעם טאָן,
צי אפשר וועט צדקות פון יושר און ליבשאַפט
נאָר זיצען פאַר אייביג געזאַלבט אויף אַ טראָן.

צי וועט זיך דאָס מלכות שמים פאַרשפּרייטען
ביי אונז אויף דער זינדיג צופייניגטער ערד,
און מענש וועט זיך גרויסען אין חכמה און וויסען,
בלויז בויען און קיין זאַך ניט ווערען צושטערט.

טאָ וואָס וועט דאַן ווערען מיט העסעל סטריט מאַרקעט,
וואָס שמעקט איצט פאַר׳בשמים׳ט מיט אידישען חן,
צי וועט פון דעם פּלאַץ אַ מוזעאום פאַרבלייבען,
עד סוף כל ה׳ענדע ביז אין סוף אַריין?

און וואָס פאַר אַ פנים וועט האָבען ווייטשעפּעל
מיט פילדגייט סטריט שטיבעל באַרימט אין איסט ענד,
ווען בלויז דאָרט האָט זיך די קדושה באַפעסטיגט
און וויל ניט אַרויס פון די אייגענע ווענד.

צי וועט יוסף פרענקעל דאַן אַלעס נאָך שרייבען
די הערצעל געשיכטע אין יעדער מין שפּראַך,
און זוכען אַלץ ווייטער מקורות חדשים,
באַנוצט שוין, באַארבייט פון אים שוין אַ סך.

פאַרוואָס פאַרשט ניט פרענקעל אויך מיין ביאָגראַפיע,
ווייטשעפּעל׳ס געשיכטע פון היינט און אַמאָל,
צי מיינט ער אַז מיר זיינען שטיף־מאַמע קינדער
און גאָרניט קיין תושבים אין הויז פון ישראל.

צי וועט פאַמעראַנץ אַלץ נאָך זאַמלען דאָס גאונות
געשעפּן ביי אונז אויף דער אָרימער גאַס,
און צאַצקען זיך אויך מיט די לַמך יצירות
פון גייסטיגען דלות און נאַרישען שפּאַס?

וואָס קלערט ער, וואָס דענקט ער דער חבר דער ליבזנר,
אַז מיר זיינען שמות און גאָרניט שוין מער,
דערפאַר טאַקע קלויבט ער צונויף די נשמות
ביים שייד־וועג וואָס פירט ניט אַהין, ניט אַהער.

---

געוואַלד, הערריי לעבען, גענוג מיט די קשיות,
וואָס מיינט איר, אַז איך בין אַ נביא, צי וואָס,
אַז איך האָב שוין גאָר פון קיין זאַך ניט צו טראַכטען,
ווען עולם דרייט סיי ווי אויף מיר מיט דער נאָז?

ווייל ווירקליך, וואָס פייניג איך אַלץ מיינע לעזער
מיט בערג מרה־שחורה און פראַגען אָהן שיעור,
ווען זיי ווילען אפשר בלויז הערען אָהן פשט'לעך,
ווי לעבט זיך אין מושב זקנים דאָ מיר.

איך האָב איצט אפילו שוין בריוולעך דערהאַלטען
פון האַרציגע אידען וואָס פרעגען מיך אָן,
צי דאַרף איך ניט עפּעס אַ טובה אַ קליינע,
ווייל זיי זיינען גרייט פאַר מיר אַלעס צו טון.

אַבי כ'האָב אומזיסט גאָר געהאַט מיינע טענות
צום ליבען ווייטשעפּעל, וואָס העלפט אָפּט אין נויט,
אַז ס'האָט מיר אַ איד שוין תכריכים פאַרשפּראָכען
ווי נאָר ער וועט הערען, אַז איך בין שוין טויט.

און דאָ קומט איר פּלוצלינג און ברענגט ביי מיר שאל ת,
ווי איך זעה די צוקונפט אין שלאָפלאָזע נעכט,
ווען שטילקייט דרייט זיך בלויז אַרום מיר צוקאָפּענס,
און ס'אַרבייט מיין האַרץ אין מיר פונקט ווי אַ קנעכט.

נאָר לאָזט מיך, איך בעט אייך, אַ סוד דאָ ענטפּלעקען,
אַז ס׳קימערט אַ זקן די צוקונפט ניט מער,
און אויב איר ווילט אַלץ נאָך אייער למך ניט גלויבן,
טאָ זייט זיך מטריח, קומט אַמאָל דאָ אַהער.

נישקשה, עס וועט דער באַזוך אייך ניט שאַדן,
און איר וועט דערזען אונזער וועלטעל פון דאָ,
ווי ס׳רוקט זיך אַלץ נענטער די צייט בין השמשות
און טראָגט אונז אַנטקעגן בלויז סודות פון רו.

דערפאַר אפשר לעבט מען אין שאָטענס־זכרונות
פון נעכטען און אַלץ וואָס איז נעכטען געווען;
מיט אויגען פאַרנעבעלט פון אַלטקייט און הוסטען,
קען קיינער די צוקונפט געשטאַלטונג ניט זען.

נאָר איצט גראַד, ר׳ הערדי, ווען איך לעז אייער בריוועל,
פיל איך מיך גאָר מאָדנע, אַזוי ווי באַנייט,
ווייל זומער וועקט אויף דאַך אַ ים מיט מחשבות,
פון אַלץ וואָס לעבט אויף און פון אַלץ וואָס פאַרגייט.

זיץ איך מיר אין גאָרטען פון מושב זקנים,
אין שטילען אַרום פון די צווייגען פאַרשטעלט,
און טראַכט מיר בלויז הבל הבלים רעיונות
פון טויט און געבורט און דעם זין פון דער וועלט.

איך הער בלויז דאָס סוויסטשען פון פויגעל אין ביימער,
און זעה דורך דער גרינקייט ווי ס׳מיניעט די זון,
אַזוי ווי עס וואָלט זיך די ערד און דער הימעל
אין בגדי הזומער פון גליק אָנגעטון.

און אָט אין דער שטילקייט פון זומער־טאָג־שווייגען
פאַל איך מיר אַריין אין אַ דרעמעל, אַ טראַנס,
און זעה דאָרט מיין אַלטען, גאָר אַלטען ווייטשעפּעל
אין העלע קאָלירען פון קאַמף און ראָמאַנס.

נאָר צווישען דעם מאַסען־געדרענג פון די מענשען
דערקען איך געשטאַלטען גאַנץ בולט און קלאָר,
די קעמפער פאַר רעכט און פאַר יושר און פרייהייט,
וואָס האָבען געלעבט אין אַמאָליגע יאָר.

אָט איז דאָך פריינד דזשאָזעף און קאַפּלאַן די פירער,
די גרינדער פון יוניאָנס אין קאַמף פאַר אַ ציל,
די „סוועטינג" סיסטעם צו באַהערשען, באַזיגען,
ווייל אַלץ ווערט דערגרייכט ווען דער אַרבייטער וויל.

און ניט בלויז פון קאַמף האָבען דזשאָזעף און קאַפּלאַן
געפּרעדיגט צו מאַסען מיט ווערטער פון טרייסט,
נאָר זיי האָבען זיך אויך באַמיט צו דערהויבען
דעם אַרבייטס־מענש שפּלות צו קולטור און גייסט.

און וואו נאָר אַ מיטינג פון אַרבייטער יוניאָנס
דאָרט איז קאַפּיטאַנטשיק געווען אויך מיט זיי,
באַריכטעט די רעדעס, די סצענעס און פאַקטען,
אַזוי ווי אַ מענש, וואָס דינט אַלע געטריי.

נאָר באַלד איז דאָס קאַמפּס בילד אין טראַנס מיר פאַרשוואונ[ן] ען,
און כ'האָב אין דער מענגע פון מאַסען דערזען
גאָר אַנדערע טיפּען און אַנדערע מענשען,
וואָס זיינען ביי אונז דאָ באַקאַנט אויך געווען.

אָט איז נתן הורוויץ, דער דיכטער ווייטשעפּעל'ס,
מיט לידער און תפילות אין העפטלעך געדרוקט,
ער הוסט־צו צו ביסלעך און האַלט זיך ביים האַרצען,
אַזוי ווי עס וואָלט אים די קראַנקהייט געשטיקט.

ווי אָרים צובראָכען עס זעט אויס דער דיכטער,
אַזוי ווי עס וואָלט אים דער עלענד באַגלייט,
אַן איינזאַמער מענש אָהן אַ היים און פאַמיליע,
און בלויז נאָר אין שמאַטעס־מלבושים באַקליידט.

עס זיינען די קעשענעס זיינע געפּאַקטע
מיט כתבים פון לידער געזאַמעלט שוין לאַנג,
און אויך איבערזעצטע פּאָעמעס פון בייראָן,
מעלאָדיעס פון אַלטען העברעאיש געזאַנג.

ווי בלאַס איז דער שמייכעל וואָס שוועבט אויף זיין פּנים
מיט ביטול צו אַלע קאָלעגען און פריינד,
ווייל ער איז דאָך טאַקע דער דיכטער דער גרעסטער —
אַזוי האָט ער תמיד געזאָגט און געמיינט.

נאָר פּונקט ווי ביים לעבען אַזוי אויך געשטאָרבען
אין איינזאַמען עלענד אָהן רעש, פּשוט, פּראָסט,
נאָר אפשר האָט קרעדיטאָר יאָ וואָס געשריבען —
ער האָט דאָך געאַרבייט מיט אים אין „די פּאָסט".

און אָט איז דער אידישער דיכטער דער אַלטער,
העלאָ, חבל הורוויץ, ווי גייט דאָס ביי אייך,
וואָס הערט מען ביי אייך אויף דעם עולם העליון,
צי ווערען נשמות פון הייזער אויך רייך?

געדענקט איר, ר' חבל, ווי איר פלעגט דאָס זינגען
די קוצעניו מוצעניו לידלעך אַ סך,
כאָטש איר זענט געווען אָפּט באַשעפּטיגט מיט הייזער
דאָך האָט גאָר פאַלקסטימליך געקלונגען אייער שפּראַך.

איך זעה דאָך אייך איצט גוי אַמאָל נאָך מיט יאָרען,
אַ מענשעל אַ ליבער געוויקסיג גאָר קליין,
אייער שמייכעל האָט איינפאַך געוואַרמט און פאַר'חבר'ט,
ווען איר האָט גערעדט פון אייער שרייבען אַליין.

איך בין דאָך מיט אייך אין אייער הויז דאָרט געזעסען
און האָב אייער בני בית מיט נייגיר באַטראַכט,
און אָפּט זיך געפרעגט צי זיי האָבען אייער בוך כאָטש
אַמאָל ווען געלעזען צי סתם אויפגעמאַכט.

און אַט איז דאָך דאָ אויך מיין פריינד ש. קאָלדראָווסקי,
אַ שלום ר' חבר, וואָס מאַכט איר אַצינד,
אַ שאָד גאָר אַ גרויסער וואָס איר האָט פאַרלאָזען
דעם עולם קאָלעגען אָהן זייט מיר געזונד.

עס פעלט דאָך ביי אונז דאָ דער חן פון אייער פעדער,
אייער רוהיגער לאָגישער ישוב הדעת,
דאָס אָפענע פנים מיט פריינדשאַפטס כוונות,
וואָס איז אַזוי זעלטען ביי אונז אויף דער גאַס.

איך זעה אָפט ז'עם אָבגלאַנץ פון אייך און אייער שאָטען,
אַזוי ווי אַ טרויער וואָס הערט קיינמאָל אויף,
און טראָגט מיט זיך מיט אייער געשטאַלט און אייער אָנדענק
ווי נאָר ס'קומען שרייבער אַמאָל זיך צונויף.

---

עד כאן, ליבער הערר[י], ווייל ס'האָט מיך דאָס מזל
אַזוי ווי אַ כישוף געוועקט פון מיין טראַנס,
און פונקט ווען איך האָב אויך דערזען פאַר מיר גאַנים
פון ווייטשעפּעל גרויסען און שענעם ראָמאַנס.

דערפאַר וועל איך שוין אין מיין בריוועל דעם פירטען
מיין המשך פון עבר ענטפּלעקען פאַר אייך,
כדי צו באַווייזען דער וועלט פון דעם עתיד,
אַז מיר זיינען דאָ אויך געוועזען אַמאָל רייך.

12-6-1948

---

## פירטער בריף

יאָ, גלויבט מיר, ר' הערר[י], ס'איז אָפט גאָר אַ תענוג
צו טראַכטען און זען יעדעם בילד אין געדאַנק,
צו רעדען מיט שאָטענס אַזוי ווי צו מענשען,
און פילען זייער אָטעם און הערען זייער קלאַנג.

איך ווייס אַז מיין לשון וועט זיין פאַר אייך מאָדנע,
און אייך וועט זיך דאַכטען אַז איך בין פאַרדרייט,
אַז למך דער אַלטער איז לאַנג עובר בטל,
און רעדט שוין פון זאַכען וואָס קיינער פאַרשטייט.

ווייל ווי קען מען פילען און רעדען מיט שאָטענס,
ווען ס'האָט די מחשבה קיין גוף און געשטאַלט,
אַז נאָר די מאַטעריע האַלט איר פאַר דעם עיקר,
און זעט ניט די ביימער צוליב בלויז דעם וואַלד.

נאָר גלויבט מיר ווען איר וואָלט געווען אין מיין לאַגע
צו גריבלען זיך תמיד אין סודות פון גייסט,
וואָלט זיכער אַלץ אַנדערש פאַר אייך אויך געוואָרען,
און אויך אין די ספקות געפונען אַ טרייסט.

ווייל ווי קען דען שטאַרבען דאָס אייביגע לעבען,
געפורמט פון דעם שאַפער פון הימעל און ערד,
אַז אַלץ וואָס ז י י ן אָטעם האָט אָטעם געגעבען,
צי קען עס דען ווערען צונישט און צושטערט?

נאָר בלויז פאַר אייך דאָרט אין דער גאָס פון געפילדער
איז אפשר נאָך שווער אָט דעם אמת דערגיין,
וואָס מענשען ווי איך אין דעם מושב זקנים,
קוקען אָפט גלייך אין זיין פנים אַריין.

ווייל וואָס איז דען טויט ווען איך זעה זיי ביים לעבען
די מענשען פון שען־גייסט, וואָס האָבען געבויט,
געשפריצט מים חיים אין אָדערן קאַלטע,
אַז אַלץ זאָל ניט ווערען פון שימעל פאַרגרויט?

ליג איך מיר נאָך האַלב־נאַכט מיט אָפענע אויגען
און קוק ווי דורך שפיגלען אין אייגענעם מוח,
דערזעה איך דאָרט גאַסען און מענשען באַקאַנטע,
און גרים זיך מיט זיי און זיי גריסען מיך אויך.

נאָר מאָדנע ווי יונג נאָך עס איז אַלץ זייער אויסזען,
אַט פּונקט ווי איך האָב זיי אַמאָל נאָך געקענט,
מיט אַקסלען מיט גלייכע און אויגען פאַר׳חלום׳ט,
אַזוי ווי פון שענסטע אידעען געבלענדט.

וואָס הערט מען, ר׳ למך, ביי אונז אין ווייטשעפּעל,
האָט עמיץ געפרעגט מיך גאָר נאָנט צו מיין בעט,
און איך האָב דערקענט באַלד די פריינדליכע שטימע,
אַז ס׳האָט מאָררים מייער צו מיר דאָס גערעדט.

וואָס זאָגט דאָרט דער עולם, פרעגט ער מיך באַלד ווייטער,
געפעלט זיי די „צייט“, די אַרטיקלען, קריטיק,
די פּאָרטראַגען מיינע פון יושר און פראָגרעס,
אַז מענש זאָל זיין פריי און אויך לעבען אין גליק?

צי לעזט כאָטש דער עולם מיין בוך די „אוטאָפּיע“,
דער פּלאַן פאַר דער צוקונפט פון פאָלק פון ישראל,
און אויך מיין „דזשאָרדזש עליאָט“, „בעל שם“ און מיין „משה“,
וואָס איך האָב געשריבען מיט ליבשאַפט אַמאָל?

מיין „פערציג יאָר אידיש טעאַטער“ געשיכטע,
מיט שוישפּילער, שרייבער פאַרצייכענט אין איר,
כדי צו פאַרבלייבען אויף דורות אין עתיד
אַ ספר־זכרון אין שענסטען באַציר?

געדענקט נאָך די גאַס איצט צי אפשר פאַרגעסען
מיין שאַפען און מיה אויף געביטען גאָר פיל,
אויב ניט וואו איז צוזאָג מיין אַרבייט צו זאַמלען,
ווען אַלץ איז ביי אייך דאָרט בית־עולם׳דיג שטיל.

נאָר באַלד איז די שטימע אַנטשוויגען געוואָרען
און איך האָב ווייטשעפּעל מיט איינמאָל דערזען,
די הייזער, געשעפטען און אַלטע טראַמווייען
אין זעלבען געשטאַלט ווי אַמאָל איז געווען.

און אויף טראַקטאָר צווישען מענגעס פון מענטשען
גייט רוהיג, געלאַסען אַ שטאָלצע פיגור,
דאָס מאַסען־געוויסען מיט מוטיגע ווערטער,
נאָך פול מיט בטחון און יונג אויך אין יאָר.

דער עולם קוקט נאָך אים און גריסט אים מיט שלום,
און ער, מאָררים מייער, שמייכעלט ליבליך צו זיי,
ווייל גאָס איז זיין ים, דאָרט צו שווימען און זוכען
די חכמה פון לעבען, פון גליק און באַניי.

און אָט זעה איך אים אויך ביים טיש פון רעדאַקציע,
ער שווייגט און ער אַרבייט און רעדט ניט קיין וואָרט,
ווייל דאָס שרייבט ער איצט ווענען ווייס און פּראָגראַמען
אין ווייט אוקראַינע, וואָס בושעווען דאָרט.

עס פאַלט בלויז אין שטילקייט אַ קרעכץ אויף דעם אונגליק,
און ס'אייגענע פנים פון בושה ווערט רויט,
ווייל וואו איז דער פּראָגרעס ווען מענש בלייבט אַ חיה
און לעבט נאָר פון רשעות, פון מאָרד און פון טויט?

נאָר באַלד ווערט זיין צער און זיין טרויער פאַרשוואונדען,
דער וועג פאַר זיין פאָלק שטעלט זיך קלאָר אין געדאַנק;
בלויז ציון שיינט ליכטיג אַרויס פון די ספקות,
ווייל דאָס איז דער ענד־ציל, אַהין איז דער גאַנג.

דערהערט זיך אויך באַלד גאָר אַ אַנדערער ניגון,
אַ רוף צו בטחון, צו גלויבען און פרייד,
ווערט אַנדערש זיין טאָן אין די רעדעס פאַר מאַסען
און זיכערער, פעסטער זיין וואָרט אין די „צייט".

ביז וואַנען דאָס אונגליק נאָך מורא'דיג שווערער
האָט זיך דורך נאַציזם צו וועלט אומגעקערט,
טאָ ווי קען מען טרייסטען אַ פאָלק פון מיליאָנען,
ווען ס'בעסטע ווערט חרוב און ס'שענסטע צושטערט?

און אפשר איז חסידות די שטאַרקסטע אמונה,
דער תהלים דער קוואַל פאַר דער אייביגער טרייסט,
אַז ס'וועט נאָך פאַרגיין אויך די נאַכט פון אפלות,
ווייל אייביג ווי גאָט איז ישראל און זיין גייסט!

צי האָט ער אַליין ניט געוויינט ביי אַ רעדע,
ווען ער האָט די תפילות בעל שם־ס רעציטירט
ביים פאָלקס־טיש פאַרזאַמלונג פאַר מאַסען גאָר גרויסע,
וואָס ער האָט ביז זיפצען און טרערען גערירט.

ווייל וואָס איז דען טיפער ווי אמת'ע אהבה
צו מענשען געפייניגט פון יאוש און פיין,
נאָר וואויל איז צו יענע וואָס ווילען באַגרייפען,
אַז שלעכט מוז פאַרשווינדען און גוט וועט נאָך זיין.

אויך איצט זעה איך אים נאָך אַלץ גיין אויף ווייטשעפעל
דעם קאָפּ אויפגעהויבען אָהן רמז פון שרעק,
ווייל ס'האָט מאָררים מייער דאָך קיינמאָל געצווייפעלט
און תמיד געצייגט צו דער צוקונפט דעם וועג.

און אָט האָט זיין פּלאַץ ביי מיין בעטעל צוקאָפּענס
פאַרנומען אַן אַנדערע שאָטען־געשטאַלט,
און ווען איך האָב שאַרפער געקוקט אויף זיין פּנים,
האָב איך מיכל זיסקינד דערקענט אין אים באַלד.

אַ שלום דיר, למך, מיין חבר, קאָלעגע,
האָט ער מיך גאָר פריילעך געוועקט ווי פון שלאָף,
וואָס הערט מען ביי דיר אויף דעם עולם השפל,
און וואָס איז אַצינד שוין דיין לעבענס באַרוף?

צי שרייבסט דו נאָך אַלץ, צי דערמאָנסט דו מיין נאָמען,
דו האָסט דאָך אמאָל מיך געמאַכט פּאָפּולער,
ווייל דו האָסט מיך שטענדיג געשילדערט אַלס חקרן,
וואָס זוכט בלויז הדשות און קיין זאַך ניט מער.

א שאַר וואָס איך האָב ניט געדרוקט אין אַ ביכעל
די לידער, חקירה פון תלמוד, תנ"ך
געשריבען אין אידיש, און ענגליש, העברעאיש,
און אפשר טיילמאָל אין אַן אַנדערער שפּראַך.

און איז נאָר דער שאָטען פון זיסקינד פּאַרשוואונדען,
האָט זיך דוד שטיבער פאַר מיר דאַן ענטפּלעקט,
געשריבען צו מיר ווי כ׳וואָלט טויב שוין געוועזען,
אַז ס׳מושב זקנים האָט שיעור זיך געוועקט.

געדענקסט דו נאָך, למך, מיין גאָרטען דעם קליינעם
אין בען־דזשאָנסאָן סט. וואָס איך האָב דאָרט פאַרפּלאַנצט,
די בוימלעך און בלומען און מינטיגע בלעטלעך,
וואָס האָבען אין זומער אין זון־ליכט געגלאַנצט.

איך האָב מיט דיר אָפט איינגעקנעלט אַלע נעמען
פון בלימלעך, געוויקסען פון יעדען מין סאָרט,
נאָר דו האָסט געקוקט ווי אַ האָן אין בני־אדם,
ווי דו וואָלסט פון מיר ניט פאַרשטאַנען קיין וואָרט.

אָט דאָס איז געוועזען זיין טענה די ערשטע,
נאָר באַלד האָט זיך שטיבער צושמייכעלט גאָר מילד,
ער האָט מיך געפרעגט אויב איך האָב שוין געלעזען
זיין תלמוד לעגענדע און וויטשעפּעל בילד.

צי שפּילט דאָרט אייער אידיש טעאַטער „בן שטח",
מיין דראַמע געדרוקט נאָך מיט יאָרען צוריק,
צי אפשר גאָר וואַרטען די שוישפּילער קינסטלער
אַז גאָט זאָל זיי שיקען אַ גרעסערען גליק?

צי האָב איך געזען אויך זיין הערצל געשיכטע
פאַרשריבען אינגאַנצען אויף הערצל׳ס פּאָרטרעט,
ער וואַרט אויף מיין ענטפער, און אויב איך וועל שווייגען
וועט ער ניט אָבטרעטען שוין מער פון מיין בעט.

איך ווייס דאָך, ר׳ שטיבער, אַז איר זענט אַן עקשן,
האָב איך אים גאַנץ פשוט געגעבען פאַרשטיין,
דערפאַר וועל איך זאָגען געזען און געלעזען,
ווייל ס׳קען דאָך באמת גאָר אַנדערש ניט זיין.

און איידער וואָס ווען איז אויך שטיבער ענטרונען,
זיין פלאַץ האָט פאַרנומען ר׳ דוד ליפשיץ.
מיין אַלטער קאָלעגע אין „צייט" ביי דעם טישעל,
וואָס איז שוין זינט לאַנג אין אַ צווייטענ׳ס באַזיץ.

ער איז דאָך געווען חוץ אַ שותף, אַ שרייבער
פון נייעס, ראָמאַנען טיילמאָל אָריגינאַל,
געגאַנגען אַמאָל אויך אַ מיטינג באַריכטען,
וואו ס׳האָט זיך געהאַנדעלט לטובת הכלל.

ער האָט זיך אויך קיינמאָל גע׳גאוה׳ט, געבלאָזען,
ווייל אַלץ איז געווען לשם „ביזנעס" נאָר בלויז;
עס איז דאָך פיל בעסער אַ נגיד אָהן נאָמען
ווי לעבען אין דלות קבצנות׳דיג גרויס.

און אָט איז דאָך אויך יצחק פּערקאָף אין רייע,
דער איד פאָטאָגראַפער און שרייבער דערצו,
וואָס האָט ערשט גאָר לעצטענס דאָס וועלטעל פאַרלאָזען,
און וואוינט שוין בשכנות מיט אַלע אין רו.

ווי אָפט האָט ער זיך דאָס באַרימט מיט גאָלדפאַדען,
וואָס האָט אין זיין הויז דאָ אין לאָנדאָן געוואוינט,
און שטענדיג דערציילט פון אים חכמות און ווערטלעך,
און יעדען מין אָנדענק געהיט און געשוינט.

עס האָט דאָך אויך פּערקאָף געשריבען זכרונות
אין בלעטלעך געשיכטע פון הי און רוסלאַנד,
און אויך צו די דראַמעס פאַר פילמס אויף דער לייוונד
האָט תמיד אומזיסט זיך פאַרמאָסטען זיין האַנד.

— — — — — — — — — — — — — — —

אזוי אָט, ר׳ הערריי, טראָגט דורך זיך דער עולם,
ווען איך ליג אין שלאָפלאָזע נעכט אויף דער וואך,
און זעה אויך רומיאַנעק און אַנדערע אידען,
וואָס מיר האָבען דאָ שוין פאַרלוירען אַ סך.

ווערט טאַקע גאָר מאָדנע און שווער אויף דעם הארצען,
ווי אין בין השמשות דעם דיכטער׳ס געמיט,
ווען בענקשאַפט שפּרייט אויס זיך אין אומעט אין שטילען
און וועבט זיך און זינגט זיך אריין אין אַ ליד.

דערפאַר זייט מיר מוחל וואָס מיר פעלט דער קיבעץ,
וואָס היינט איז מיין בריוועל משונה׳דיג בלאַס,
ווייל גלויבט מיר אַז שווער איז ביים חשבון הנפש
אין מושב זקנים צו מאַכען אַ שפּאַס.

נאָר ווי זאָגט דאָרט למך הראשון פון עבר,
נישקשה, עס בייטען זיך טעג פון דער וואָך,
און אויב איך בין ערנסט ביי מזכיר נשמות,
וועט זיכער אויך פריילעכער ווערען אַלץ נאָך.

איר דאַרפט בלויז צו וואַרטען אויף נאָך מיינס אַ בריוועל,
וואָס כ׳האָב אַלץ, בלי נדר, צו שרייבען אין פרייד,
און דאַמאָלט וועט זיכער דער לעזער ניט „גראַמבלען“,
ווען ער וועט מיין המשך דערזען אין די „צייט“.

26-6-1946

---

## פינפטער בריף

איך האָף אַז איר וועט מיר מיין שווייגען פאַרגעבען,
וואָס איך האָב אויף וואָכען פאַרשפּעטיגט זיך שוין,
און גאָרנישט געשריבען מיין ליבען ווייטשעפּעל
ווי ס׳פּילט זיך זיין למך דער אַלטער פּאַרשוין.

די סיבה איז בלויז וואָס עס פעלען אויס כחות,
און מיר איז די האַנד אַז די פּען איז שוין שווער,
כאָטש לייג זיך אַוועק אויך בייטאָג אויף דעם בעטעל,
און לעב מיט זכרונות און נודיע ניט מער.

אַז קיין זאַך איז מער ניט אַזוי ווי פאַרצייטען,
ווען וועלט איז געוועזען נאָך יונג און נאָך גרויס,
און ס'האָבען געיאָגט זיך די בילדער, געדאַנקען,
אַזוי ווי אַ קוואַל וואָס שעפּט קיינמאָל זיך אויס.

געדענקט איר נאָך, העררי, ווי מיר פלעגט זיך דיכטען
אָהן קליינסטע באַמיהונג אַ סטראָף נאָך אַ סטראָף,
אַז איר האָט זיך ממש אַזוי ווי געוואונדערט
צי איך שרייב אויך קיבעץ און לידער אין שלאָף?

ווייל יעדע וואָך פּינקטליך האָב איך אין „מיין ווינקעל"
ענטפּלעקט אַלע סודות פאַר עולם אין גאַס,
געוויזען זיין אייגענעם פנים אין שפּיגעל
צוקרומט אָפּט פון ווייטאָג און טיילמאָל פון שפּאַס.

און וואו נאָר אַ מיטינג דאָרט בין איך געלאָפען,
געמישט זיך אין יעדער מין אַרבייט פון קהל,
און האָט מיך די „צייט" ווען געשיקט אין שליחות,
האָב איך אויך געשריבען באַריכטען אַמאָל.

נאָר דאַכט זיך אַז דאָס איז געווען ווייט אין עבר
מיט יאָרען און דורות גאָר לאַנג שוין צוריק,
אַז שווער איז מיר איצטער דאָס אַלץ צו געדענקען,
ווען שאָטענס, בלויז שאָטענס פאַרטונקלען מיין בליק.

אַז ניט וואָלט איך דאָך מיט אייך אַלץ נאָך געוועזען,
געטיילט מיט ווייטשעפּעל די פרייד און די וויי,
נאָר מיך האַלט דאָס מושב זקנים געבונדען,
און לאָזט מיך שוין מער ניט אַרויס אויף דער פריי.

איך הער בלויז פון ווייטען אייער קול פול מיט דאגות,
אזוי ווי אַן עכאָ אין אויערען האַלב טויב,
און טראַכט איך רעיונות און וויל זיי באַהעפּטען,
צופאַלען זיי אַלע אזוי ווי אויף שטויב.

און דאַן ווערט מיר קלאָר ערשט אַז „סטאַראָסט ניע ראַדאָסט“,
אַז אַלטקייט איז מער ניט אהער און אהין,
ווייל וואָס איז דאָס לעבען, דער קאַמף און די צילען,
ווען קיין זאַך האָט מער ניט קיין טעם און קיין זין?

נאָר וואָס האָב איך מיך דאָ פאַר אייך ווי צו׳יאוש׳ט,
און שיעור אין מיין מיסיע פאַרגעסען זיך גאָר,
ווען איך האָב פאַרשפּראָכען צו שרייבען געשיכטע
פון ווייט־שעפּעל׳ס לאַנג שוין פאַרגאַנגענע יאָר.

נאָר מיינט ניט אַז דאָס איז אַן ענין אַ לייכטער,
ווען פול מיט זיג־זאַגען איז אַלץ דאָ געווען,
אַ מיש־מאַש, אַ כאַאָס אָהן פאָרם און געשטאַלטען,
און פראָגרעס אַ זאַך וואָס איז קיינמאָל געשען.

פאַר שרייבען היסטאָריע איז נויטיג אַ ליניע,
אַ שטיקעל טראַדיציע פון נעכטיגע טעג,
כדי זיך צו האַלטען אין המשך אין גלייכען
און ניט ווי אַ בלינדער פאַרבלאָנזשען פון וועג.

נאָר גיי שרייב געשיכטע ווען אַלץ איז פאַרנעפּעלט,
בלויז ברעקלעך, בלויז סקיצען אָהן פעסטען יסוד,
אַז דאָ האָט זיך קיינמאָל קיין זאַך ניט ענטוויקעלט
און גאָרניט געוואַקסען ביי אונז אין דער שטאָדט.

אפשר בלויז יאָ דאָרט אַ שוהל צי אַ שטיבעל;
וואָס האָט אויך איר גייסט פון דער היים נאָך געבראַכט,
געלעבט דאָ, געאַרבייט און גאָרניט געבוירען,
און תמיד בלויז אַלעם אַלס צייטווייל באַטראַכט.

האָט אידיש פאַרגרעבט זיך, האָט גייסט זיך צוקריפּעלט,
אויף טויזענדער ברעקלעך אַליין זיך צוטיילט,
ביז וואַנען מען האָט די נשמה פאַרגעסען,
און מער וועגען היים ניט גערעדט און דערציילט.

טאָ ווי קען מען שרייבען ווייטשעפּעל׳ס געשיכטע
פון אידישען לעבען ביי אונז אויף דער גאַס,
ווען אַלץ איז דאָ פול בלויז מיט גייסטיגען חורבן,
וואָס טויג בלויז אויף טרויריגען חוזק און שפּאַס.

דערפאַר טאַקע בעט איך איר זאָלט מיך באַפרייען
פון טוען אַן ארבייט וואָס קומט מיר אָן שווער,
דאָס לאָז איך שוין איבער פאַר חבר פּאָדרוזשניק,
וואָס האָט זיך אויפ־ס׳ניי שוין באַוויזען אהער.

ער קען דאָך ווייטשעפּעל ווי איך מיט איר חכמה,
און קלאָר איז זיין לשון כמעט ווי ביי מיר,
און חוץ דעם האָט עולם אויך מער דרך ארץ,
ווען ס׳איז נאָך דער שרייבער אַ איד אַ גביר.

און דאַרף ער אַ דיכטער וואָס זאָל אים צוהעלפען,
איז אויך דוד זיידענפעלד פּונקט ווי געפּאַסט,
כאָטש ער קומט גאָר זעלטען צו אונז אויף ווייטשעפּעל,
נאָר בלויז ווען עס רופט אים די בענקשאַפט צו גאַסט.

און איצט אויך ר׳ ראָלין וואָס שרייבט שוין זכרונות,
צי טיגער וואָס בלעטערט געשיכטע אַ סך;
זיי זיינען דאָך יונג נאָך און ניט ווי אייער למך
אַ מידער פון שטיין שוין צו לאַנג אויף דער וואַך.

און ווילט איר, אפילו, ר׳ עפּשטיין דער דיכטער,
וואָס דרוקט אין אַ יובל אַמאָל זיינס אַ ליד,
אויך ער קען אייך מעשות די שענסטע דערציילען,
ווי דאָ האָט געפילט זיך פאַרצייטען אַ איד.

ער האָט דאָך געקענט די גדולים די גרעסטע,
וואָס האָבען געלעבט אויף דער ווייטשעפעל ערד,
וואו אידישער גייסט איז אַ שטות בלויז געוועזען,
און שרייבער און דענקער ווי מענשען אָהן ווערט.

נישקשה, איר מעגט זיי די מיסיע געטרויען,
ווייל זיי קענען פונקט די מלאכה ווי איך,
און זאָל מיין באַלוינונג זיי ווייטשעפעל געבען,
אַבי איך אַליין האָב גענוג שוין פאַר זיך.

ווייל וואָס פעלט מיר דען אין דעם מושב זקנים,
ווען יעדער צייגט מיר דאָ רעספעקט בלויז אַרוים,
אַז ס'וואַרטען שוין אַנדערע לאַנג אויף מיין בעטעל,
כאָטש לייג זיך און צי שוין די קאָפּעטעס אוים.

נאָר גאָרניט, וואָס אַרט מיך, אַז כ'פיל מיך פאָרט גליקליך,
און וויים שוין ניט מער פון קיין דאגות און פיין,
אַז כ'בין שוין אפילו פאַר חברה קדישא
אַ סוד אַ געהיימער ניט מער צו פאַרשטיין.

עס פרעגען מיך נאָר די קאַלעגען זקנים,
וואָס איך שרייב נאָך אַלץ ניט קיין וואָרט וועגען זיי,
און מאַך מיך ווי טויב בלויז צו זייערע מעשיות,
ווי איך וואָלט שוין מער ניט געוועזען דערביי.

אָט זאָגט מיר אַ זקן, מיין פריינד נייטען גרינבערג,
וואָס האָט פילע יאָרען געקעמפט געגען שמד,
אַז ס'האָט זיך די איסט ענד אינגאַנצען געביטען,
אפילו דאָס פנים וואָס זי האָט געהאַט.

ווייל דאַמאָלט מיט צייטען צוריק און פאַרגאַנגען,
האָט יעדער משומד געאַרבייט גאַנץ פריי,
געזוכט צווישען עולם צו כאַפּען נשמות
מיט צוזאָג פאַר הילף און גן עדן פאַר זיי.

און וואו נאָר אַ גאַס זיינען האַלען געוועזען
מיט שילדען פון „מיסיע“ און „עדות לישראל“,
אַז אָפט איז אומשולדיג אַ איד דאָרט פארקראָכען
און אפשר פארבליבען אויף גוט אויך אמאָל.

ווייל שטאַרקער פון שכל איז עלענד און הונגער,
ווען פרעמד זיינען ברידער צו דיר אין דיין נויט,
און ס'קימערט ניט קיינעם ווער ביזט דו, פון וואַנען,
צי האָסט דו אַ היים, צי פארדינסט דו אויף ברויט.

אַז אַלץ איז געווען ווי אַ ים פון געמויזעכץ,
און יעדער געזאָרגט האָט פאַר זיך בלויז אַליין,
כאָטש גיי צו דער טעמזע און זוך דאָרט דיין רעטונג,
און זאָל שוין אַ סוף צו די ליידען פאָרט זיין.

ווייל וואָס מיר רחמנות צום אייגענעם ברודער,
וואָס האָט זיך דערשלעפּט דאָ מעבר לים,
אַז אים האָט באַגעגענט די וויטשעפּעל גרויקייט
מיט פאָגעס, פאַרדאַכט און מיט שפּאָט אויך צוזאַם.

אַזוי האָט מיין שכן ר' נייטען געשילדערט
די וועגען וואָס האָבען צו שמד אָפט געפירט,
ביז וואַן שמחה בעקער דערזען האָט דעם חורבן
און זיך אין דעם עלענד פאַראינטערעסירט.

נאָר דאָ האָט דערהערט זיך די שטים פון אַ זקן,
אַ איד שוין אַ ניינציגער, קוים וואָס ער גייט,
ניט אַנדערש איך זאָל אויך זיין מעשה פאַרשרייבען,
און אַלעם וואָס איז נאָר געשען אין זיין צייט.

ער איז דאָך געווען אין זיין יוגענד אַ שניידער,
און ביטער און שווער גאָר געאַרבייט, „געסוועט“,
פון שטוב אין דער וואָרקשאַפּ ביז האַלב נאַכט ביים נאָדעל
און בלויז נאָר פאַר שטונדען צו רוען דאָס בעט.

ווייל ווער האָט געוואוסט דאַן ווי ס׳זעט אויס דאָס לעבען
אַוועק פון דער אַרבייט וואו פריי איז די וועלט,
ווען ס׳האָבען די „באַנדלעך“ געגרייצט און געווינקען,
אַז זיי זיינען כישוף פאַר „סלעק־טיים“ און געלד.

און איצט דער געיעג אויך פון מייסטערס די „סוועטערס“,
וואָס האָבען די ווייבער נאָך אַרבייט געשיקט,
אַז בלויז דורך די פרויען און אייגענע טעכטער
האָט זיי אָפט דאָס מזל מיט „אָרדערס“ באַגליקט.

איך זע אַז אייך וואונדערט וואָס כ׳האַק אייך אַ טשייניק,
האָט ער מיט אַ שמייכעל מרמז געווען,
ווייל וואָס וויים דען למך פון ווייבער און „שאָפּען“,
און וואָס ס׳איז באַהאַלטען צי אָפּען געשען.

נאָר באַלד האָט אַ זקן אַ דריטער געשילדערט
די צייט ווען דער אויסוואורף געשפּילט האָט אַ ראָל,
און וואו נאָר אַ טיי־שאָפּ, אַ רעסטאָראַנט, קנייפּע,
האָט הויך דאָרט געקלונגען זיין חוצפה׳דיג קול.

עס האָט דאָך די חברה אין שמוץ זיך געוויעט
ווי ווערים אויף פּגרים אָהן בושה און שאַנד,
און אָבגעלאַכט „גרינע“ וואָס האָבען געאַרבייט
און קוים, קוים פאַרדינט צו דעם מויל פון דער האַנד.

זיי האָבען דאָך פּשוט געשעפּט ווי מיט עמערס
די פעטע פאַרדינסטען פון „כלות“ אַ סך,
געפירט אויך מסחרים מיט לענדער די וויטסטע,
און בריוולעך געשריבען אין קאָדישער שפּראַך.

אַז ווייי איז געווען דאָך צו אונזער ווייטשעפּעל,
און וואָס פאַר אַ פּנים זי האָט דאַן געהאַט,
אַז אָפּט האָט די חברה געפּאַטשט דאָס געוויסען
און האָט אונזער כבוד באַפלעקט און פאַרשאַט.

אוי, הערט זיך ניט צו צו די גרויליכע מעשות,
האָט מיך דאָ אַ זקן אַ פּירטער געטרייסט,
ווייל ווייטשעפּעל האָט אויך געהאַט בתי תפילה,
און מענשען געבענשטע מיט חכמה און גייסט.

כ׳געדענק נאָך אפילו איצט מאָרים ראָזענפעלד׳ן,
דעם דיכטער־מאַשינער פון ריזיגען כח,
און מאָרים ווינטשעווסקי און אחד העם׳ן,
וואָס האָבען געלעבט און געשאַפען דאָ אויך.

און איצט אויך אידען די בעלי חלומות,
אַזוי ווי סואוואַלסקי, אַ לערער ווי פאָרט,
צי האָבען זיי דען ניט באַשיינט אונזער נאָמען
און ווייטער געטראָגען דאָס גייסטיגע וואָרט?

ס׳איז אמת זיי האָבען גאָר שטאַרק אָפּט געליטען,
נאָר דאָס איז דאָך זיכער ניט ווייטשעפּעל׳ס שולד,
ווייל ווער האָט געבעטען אַז זיי זאָלען קומען,
ווען ס׳פעלט דאָ דעם עולם פאַר שטותים געדולד?

געוואַלד, האָט רחמנות, האָב איך מיך צושריען,
וואָס ווילט איר, רבותי, פון מיר נאָך אַצינד,
צי האָט מיך נאָך ווייניג ווייטשעפּעל צופּייניגט,
און מיך בלויז באַהאַנדעלט פונקט ווי אַ שטיף־קינד?

גענוג שוין גערינט אַלס משרת אומזיסטער
צו ווערען צום סוף אַזש פאַרוואָרפען צו אייך,
כאָטש פריער האָט עולם מיך אָפּט אויך פאַרדעכטיגט,
אַז למך דער דיכטער איז זיכער שטיין־רייך.

נישקשה, פאַרהאַנען נאָך אַנדערע אידען,
וואָס לעבען בריוח על חשבון הקהל,
עס וועט זיי, חלילה, קיין זאַך ניט פּאַסירען
ווען זיי וועלען טון אַ שטאָך אַרבייט אַמאָל.

אַט זיי רופט און זאָלען זיי שרייבען געשיכטע,
וואָס יעדער פון אייך האָט געזען אין זיין צייט,
ווייל איך האָב שוין לאַנג מיין שליחות פאַרענדיגט,
און האָב אויך פאַר קיינעם שוין מער קיין באַדייט.

דערפאַר זאָג איך אַלע אַ שלום אַ ברייטען,
ווייל וועלט בלייבט דאָך וועלט און דור הולך, דור בא,
און מאַך צו מיין בוך שוין אויף גוט פאַר דער צוקונפט
צו בלייבען אַ דענקמאָל פאַר ווייטשעפּעל דאָ.

איך בין בלויז מתפלל מיך ניט צו פאַרגעסען,
ווען גליקליך און פריי וועט מיין פאָלק ווידער זיין,
און אויך מיינע גייסטיגע ביינער מיטפירען
אין קדשי־קדשים פון היימלאַנד אריין.

— — — — — — — — — — — — — — —

דערהערט האָט דאָס מושב זקנים מיין תפילה,
און רירענד און האַרציג געענטפערט אמן.

11-8-1946

